# אבר̇הם זאק

# אונטער די פֿליגעל פון טויט

מיט 12 בילדער
פון יעקב אַדלער

פאַרלאַג די ציים
וואַרשע
1923

דאָסדאָזיגע װערק איז נישט קײן געפּלאַנטע שאַפֿונג, איז נישט באַזירט אױף אַ פֿאַנטאַסטישען פֿונדאַמענט, איז נישט קײן פּראָדוקט פֿון כּח-הדמיון — אַ שטיק װירקליכקײט פֿונ'ם װעלט-פּסיכאָז איז עס, אַגב, די ערשטע פֿאַזע זײנע, אָנהױבענדיג גלײך פֿונ'ם אָנפאַנג — פֿון די ערשטע צופֿלאַמטע טעג — יולי-טעג פֿון יאָר 1914 — װען אַ באַדײטענדיגער טײל פֿון אונזער ערד-באַל איז אין אַ ריזיגע, העלישע שׂרפֿה פֿאַרװאַנדעלט געװאָרען... אױף דער גרענעץ פֿון צװײ עראַס אין דער געשיכטע פֿון דער מענשהײט איז עס געװען, בעת אונזערע אַלע גײסטיגע חושים זענען נאָך געװעזען גאַנץ, נישט גערירט, נישט פֿאַרשטאַרט; װען פֿון אײן טראָפּען מענשליך בלוט איז אַ פֿלעק אױפ'ן געװיסען פֿון דער װעלט געפֿאַלען; װען אײן האַרטע אומשולדיגע טרער האָט נאָך אַ האַרץ געקאָנט דערצינדען; װען בױמער זענען נאָך קײן תּליות נישט געװען; װען פֿעלדער זענען נאָך אין בר-דער-קבֿרים נישט צוגעקערט געװען און טײכען זענען נישט פֿאַרפֿאַרבט געװאָרען אין רױט; װען מיר זענען נאָך פֿײַהיג געװען צו עמפּפֿינדען יעדען שאַטעוּרעל פֿון די אומערװאַרטעטע לעבענס-קאָנטראַסטען און קאַטאַסטראָפֿען — —

די קאָנסטרוקציע פֿונ'ם דאָזיגען װערק, כּדי איבערצוגעבען דאָס װירקליכע אין רעאַלער פֿאַרב, האָט געמוזט כּסדר גײן טריט בײַ טריט נאָכ'ן פּראָצעס פֿון די סטיכישע, זיך טױשענדיגע דערשײנונגען, פּלוצלונגדיגע פֿאַרװאַנדלונגען און איבערלעבנישען — נישט אָפּהענגיג פֿון זײער מאָס שטאַרקײט אָדער טראַגישקײט, — איבערלעבענישען פֿון אַ מענשען אין אַ גרױען שינעל צװישען מחנות, מחנות גרױע שינעלען אױף די פֿעלדער פֿון מזרח-גאַליציען. פּרט מוז דאָ דעריבער גײן דער פּראָצעס פֿון די שילדערונגען, כּדי דער-

צושטאנד פון א שטענדעל אויף א ברויזענדיגען אָקעאַן זאָל נישט פאר־שאָטענט ווערען צוליב, אזוי צוזאָגען, קינסטלערישער פלאנמעסיגקייט.

„אונטער די פליגעל פון טויט“ איז געשריבען געוואָרען אונטער פרישען רושם פון די איבערלעבענישען (1915-16) און איז אינטואיטיוו פארענדיגט געוואָרען מיט א קאָשטאַר. די צווייטע שילדערונג „טוט׳ן מארלע־בינט“ (איגענטליך א המשך פונ׳ם ערשטען ווערק) איז שוין געשריבען געוואָרען מיט עטליכע יאָר שפעטער און הייבט זיך אָן מיט א וואריאנט אינ׳ם פינאל פון „אונטער די פליגעל פון טויט“.

מיין הארציגען דאנק דעם חבר יעקב אדלער!

מיט א טיפען בליק האָט ער אריינגעדרונגען אין דער נשמה פונ׳ם ווערק און עס באריייכערט מיט זיין קינסטלער־פענזעל.

הגם וואָס איז נוגע דער פאָרם געהערען מיר אפשר אין דער קונסט צו אנדערע שולען, אָבער דער עצם—דער אינערליכער פראָ־טעסט, דער פארשטיקטער איוב־געשריי—איז ביי אים געקומען צום אויסדרוק.

מיין דאנק דריק איך אויך אויס דעם פארלאג „די צייט“, וועלכער האָט זיך נישט אָפגעשטעלט פאר קיין פינאנציעלע שוועריג־קייטען אין דער זאָרג פאר דער אויסערליכער עסטעטיש־קינסטלערי־שער זייט פונ׳ם בוך, און אזוי־ארום געוויזען אן ערשטען [illegible] ביישפיל אויף דעם דאָזיגען געביט.

דער מחבר

וואַרשע, 1920.

I.

אָנגעהייבען האָט עס זיך גאַנץ אומגעריכט, און ווי פון אַלע אומגעריכטע זאַכען, איז דער איינדרוק געווען אַ פּילוייטי־גער. פון איין זייט האָט עס דערשלאָגען און דערשיטערט און פון דער אַנדערער זייט ווידער האָט זיך עס עפּעס נישט געגלויבט. דאָסזעלבע פילט מען, ווען מ׳הערט די בשורה וועגען פּלוצלינ־גען טויט פון אַ באַנטען, ווען מען האָט ערשט נעכטען געזען און גערעדט מיט איהם, און יענער איז גראָד געווען אַזוי גוט אויפגעלייגט און מונטער, און די אויגען זיינע האָבען אַזוי גע־גלאַנצט, מיט אַזוי פיל יונגע און ראָזע האָפנונגען!— — —

אין לאַגער פון דער וואָלינער רעזידענץ איז די ידיעה אָנגעקומען אין מיטען נאַכט. פּלוצלינג האָבען די פאַרשלאָפענע „דעניעוואַלנעס״ אויף דער פראָנט-ליניע פון לאַגער גענומען אויס־שרייען:

—דעזשורנעס, אויף דער מיט פון פאָלק!

און אין דערפריה האָט זיך שוין געטראָגען פון מויל צו מויל:

—מאָבילִיזאַציע!...

און באַלד האָט מען זיך אין לאַגער גענומען צו די פּאָר־באַרייטונגען. אַלע צעכהייזער זענען גאַנצענע טעג געווען אָפען. מענשען האָבען געפּאַקט, געשלעפּט פון איין אָרט צום אַנדערן; פון די פּולווער-קעלערען האָט מען פּאַטראָנעס געפירט, די פּו־לעמיאָטען-לענטעס מיט קוילען אָנגעפילט, און ענדליך האָט מען אויך גענומען אַרויסגעבען אַמוניציע. נייע, שפּאָגעל-נייע זאַכען פון דאָס מינדסטע ביז דאָס גרעסטע. ס׳האָט זיך געשמייכעלט:

מען פוצט זיך צו באַגעגענען דעם טויט...

ס'איז אָנגעקומען דער זאַפּאַס. גאַנצע פּאַרטיעס. איינע נאָך די אַנדערע זענען זיי געקומען אין די ראָטעס. מענשען בערדיגע, מיט פאַרזאָרגטע בליקען און ערנסטע פאַרטראַכטע פּנים'ער. הינטער אַנדערע זענען נאָכגעגאַנגען פרויען און קינדער און האָבען זיך די אויגען געווישט. אַלע זענען געקומען אין אַלטע אָפּגעטראָגענע זאַכען און שפּעטער אַביסעל זענען זיי שוין געווען איבערגעטון אין די נייע פאָרמעס. פון שטאָט האָבען זיך געצויגען גאַנצע כוואַליעס מענשען און אַלע האָבען מיט אַ באַזונדער נייגעריגקייט זיך צוגעקוקט פון דערווייטענס צו דער באַוועגונג אין לאַגער. די גרינגשעצונג, מיט וועלכער מען באַציט זיך שטענדיג צו אַ מענשען אין אַ גרויען שינעל, איז לחלוטין פאַרשוואונדען געוואָרען. איטליכער האָט איצט געקוקט אויף אַ סאָלדאַט ווי אויף אַ זאַך, וואָס פאַרדינט די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט: היינט לעבט ער, און אין וואָכען אַרום—ווער ווייסט וואו זיינע ביינער וועלען זיך וואַלגערן... פאַרקערט, איצט האָבען די מענשען אין די נייע קריגס-קאָסטיומען אויף די ציווילע געקוקט „פון אויבען אַראָפּ", מיט אַן אינערליכער, נישט-אַרויסגעזאָגטער פאַראַכטונג...

ס'איז אָנגעקומען דער טאָג, ווען מ'האָט באַדאַרפט אַרויסגיין.—געווען איז דאַן אַ שיינער, ליכטיגער יולי-פרימאָרגען. דער גאַנצער פּאָלק' איז געשטאַנען „אויסגעסטראָיעט" אויף אַ פעלד, נעבען לאַגער. ס'האָט געאַרבעט אַ פּאָטאָגראַפען-אַפּאַראַט. שטימען פון תפלות... פייכטע טרערענפולע אויגען ביים פּאָפּ און ביי די אַלע זינגער... די אַנטבלויזטע קעפּ אַרום און אַרום לאָזען זיך ביסלעכווייז אַראָפּ אונטער דער לאַסט פון שווערע, שווערע געדאַנקען... אַ פאַרשטיקטע פיינליכע כליפּעריי... מען שטיקט זיך מיט טרערען אין אַלע זייטען... סיי צווישען די אויסגעשטעלטע קאָלאָנעס, סיי הינטען, צווישען טאַטעס, מאַמעס, פרויען און קינדער... דאָרט דערגייט עס זאָגאר ביז פאַלען אין חלשות... און די אַלע, וואָס שטייען דאָ אין די קאָלאָנעס, פרעמדע, פון ווייטע מקומות, שטעלען זיך בעת מעשה פאָר ווי ערגיץ, אין

דער אייגענער געגענט, שטייט איצט, אויך אויף אַ פעלד, אַן אויסגעסטראָיעטער פאָלק גרייט צום אַוועקגיין, און זיינע נאָנ־טע שטייען אויך אַזוי, ווי דאָ, ביי דער זייט, הינטער די אויס־געשטעלטע קאָלאָנעס מיט די אַנטבלויזטע פאַרזונקענע קעפּ, און וויינען אויך און יאָמערן, פונקט אַזוי רירענד און האַרצרייסענד, ווי דאָ הינטען די פרעמדע, אומבאַקאַנטע מאַמעס...

מיט אַנדערע געזעגענט מען זיך. ווי טיף, ווי טיף, דוכט זיך, דאַרפען באַנג טון אַזעלכע אומזיניגע קושען פון אומבאַגרע־נעצטען צער און ליבע!...

די צערעמאָניע האָט זיך געענדיגט און די ערשטע ראָטע האָט זיך גענומען ציען. פאָרויס זענען געגאַנגען די מוזיקאַנטען און האָבען געשפּילט אַ געזעגען־מאַרש. מ'איז דורכגעגאַנגען די שטאָט. דער פאָלק האָט זיך געצויגען איבער די גאַסען און פון אַ העכערן אָרט האָט מען נאָר געזען העלע, העלע היטלען, גע־דיכט געפּאַקט איינע צו די אַנדערע און די גלאַנציגע שטיקעס פון ביקסען. די טראָטואַרען זענען געווען שוואַרץ פון ציווילע. אומע־טום—טרויעריגע פּנים'ער פון מענער און פאַרוויינטע אויגען פון פרויען...

עס פאָכען זיך ווייסע טיכלעך און קאַפּעליושען:

—אַדיע! אַדיע!...

אַ לאַנגער, טרוקענער, גרויער שאָסיי. די זון באַקט אומ'־ברחמנות'דיג, דער פּאַטראָנטאַש דריקט די ברוסט; די כל־ערליי רימענס שניידען די אַקסלען, און די „סקאַטקע" (אויפגעוויקעל־טער שינעל) שטיקט און שטיקט און רופט אַרויס אַ שוויס פון לייב. פון אונטערן היטעל גיסען זיך גאַנצע שנירלעך איבערן פּנים און רינען אַראָפּ אונטען פון מאָרדע... שפּעטער זענען שוין גע־ווען אַ סך אָפּגעשטאַנענע, עלטערע מיט בערד, און די סאַניטאַ־רען מיט די מעדיצינישע טשעמאָדאַנטשיקלעך זענען געשטאַנען איבער זיי און זיי געמונטערט מיט „וואַלעריאַנקע". די אַלע בייד־לעך פון דער „ליניקע" זענען געווען איבערפולט. איינער פון

די אָפּגעשטאַנענע האָט עפּעס אומגעלומפּערט אַ פאַל־געטון און די אייגען צוגעמאַכט. אַ סאַניטאַר פּרובט דעם פּולס — שטום. אַ האַרץ-שלאַג!...

געגאַנגען איז מען אַזוי ביז פאַרנאַכט. דאַן האָבען מיר זיך אָפּגעשטעלט אין אַ דאָרף (טאָטאַרינאָוו) אויף נעכטיגען. דער ערשטער „ביוואַק". און ליגענדיג אויסגעצויגען אין שייער, דעם קאָפּ אויף דער אַמוניציע, די פאַרמאַטערטע פיס מיט די געל-פאַרשטויבטע שטיוועל—אויף גאָטס באַראָט, האָט זיך געקלערט, אַז דאָס וועט פון איצט אָן זיין אונזער היים, ווער ווייסט אויף ווי לאַנג... דער שווייס אויפ'ן לייב האָט זיך אָפּגעקילט, און מיט'ן אָנקומען פון דער נאַכט, האָט אַ שוידער דורכגענומען די גלידער.

דער צווייטער טאָג איז געווען ענליך צום ערשטען—אַ לאַנ-גער, פיינליכער וועג אָהן אַ סוף, אָהן אַ ברעג... אין אָוונט זענען מיר שוין געלעגען אין צונויפגעשטעלטע פּאַלאַטקעס אויף אַ פּרייען פעלד נעבען דער באַן-סטאַנציע ביי בערדיטשעוו. ס'האָט געהאַלטען זיין איין רעגענען זיין אויפ'ן האַ־צען איז געווען באַזונדער אומהיימ-ליך, און קאַלט אויף דער נשמה... געווען איז עס גראָד פרייטאָג-צונאַכט און ס'האָט מיך געצויגען אין דער יודישער שטאָט. איך קום אַרויס אויף די גאַסען—פּוסט און אומעטיג, די פענסטער באַ-לויכטען פון די שבת'דיגע בענש-ליכט; אין אַנדערע ערטער זיצט מען נאָך ביי די עס־טישען און ס'קלינגען טעלער-און-לעפעל... ווארעם, ליכטיג, ריין, איבער... אָ, שבת'דיגע מנוחה! אָ, רוהיגע אינקעלעך! — —

זעהר שפּעט בין איך איבער די שטילע גאַסען אומגעגאַנ-גען, נע-ונד און אַליין. צי האָב איך עפּעס פאַרלוירען, געזוכט? אָדער רייצט זיך נישט מיט מיר מיין פאַרשוואונדענע רוה?— —

פיל און נאַכלעסיג האָט דער דראַבנער רעגען... טונקעלקייט געשפּריצט.

געפּאַקט זענען שוין די פּראַכט-וואַגאָנעס מיט מענשען. אַ

שומעל, אַ געדודער. אויף דער פּלאַטפאָרם — אַ געדיכטער געמיש־טער עולם. עס דערהערט זיך אַ סיגנאַל—און דער צוג הויבט זיך אָן צו רירען. מען ווייעט מיט ווייסע טיכלעך און עס דערגריי־כען נאָך קולות, געוויינען... עס שווינדען די מענשען, עס קיי־קעלט זיך פון אַנטקעגען עפּעס אַן אַרומגעצוימט אָרט—אַ בית-עולם, בערדיטשעווער בית-עולם. ווייסע מויערלעך. בערגלעך, מצבות מיט בלאַנקענדע אותיות. בוימלעך. אין מוח בליצט פאַרביי: „ווער ווייסט, צי ס׳וועט אויסקומען צו ליגען אונטער אַ מצבה?...״ דער צוג לאָזט זיך שנעלער, שניידט זיך דורך בערג און פאַרדעקט אַלץ הינטער זיך מיט וואָלקענס שוואַרצען רויך און דער פּייכ־טער בליק שטריינגט זיך אָן און קוקט אויף די זיך קויקלענדע לאָנקעס און פעלדער, וואָס איילען זיך און פאַרשווינדען, וואָס איילען זיך און פאַרשווינדען...

וואוהין? וואוהין? — — —

אויסגעגרוזעוועט האָט מען זיך אין אָוועגט אויף דער סטאַציע כלאַוואוטאַ. איינגאַנצען איז מען אָפּגעפאָרען אַ שעה זי־בען—אַכט. איבערגענעכטיגט אין אַ דערבייאיג דערפעל און ווייטער געגאַנגען, און אַלץ אויף די פיס. פון דאָרף צו דאָרף, פון ישוב צו ישוב, פון וואַלד צו וואַלד. טיפע זאַמדיגע וועגען. טאָל און באַרג. אַ גליענדיגע זון. הייסע ברענענדיגע שטראַלען. געדיכ־טע לאַנגע וועלדער—וואָלינער וועלדער. אַ שווערע משא אויף די פּלייצעס—אויפ׳ן גוף, אַ שווערע דריקענדע משא אויף דער נשמה.. געדאַנקען פינסטערע, פּייניכע און נאָגענדע ווי שלאַנגען, ווי גיפ־טיגע שלאַנגען. ביינאַכט—אין שייערען אָדער אויף פעלדער, אונ־טער טונקעלע אומעטיגע הימלען..

בייטאָג פלעגען אַמאָל שפּילען די מוזיקאַנטען, איבערהויפּט בעת מען פלעגט דורכגיין א דאָרף, — ראַשע אומעטיגע טענער, אומרוהיגע ווי די געדאַנקען. אַלע לויפען אַרויס פון די כאַטעס און קוקען נאָך מיט טרויריגע פּנים׳ער. פויערטעס ווישען זיך מיט די פאַרטוכער די אויגען... זייערע זיהן, מענער און נאָענטע

שלעפען זיך אויך אַזוי ערגעץ אויף די וועגען, פאַרשטויבטע, פאַרמאַטערטע, פאַרשוויצטע און פאַר׳הושכ׳טע, מיט דער שווע־רער משא אויף די פלייצעס—זענען זיי גאַנץ לייכט געזען אויף טרערען. אַנדערע זענען מכבד פון די פאַרסוכער מיט עפעל, באַרען, פלוימען, ברויט און דערביי ווינשעווען זיי צו, אַז „גאָט זאָל געבען, מיר זאָלען גאָר אינגיכען זיך צוריק אומקערען אַהין, פון וואַנען מיר קומען". מהיכא-תיתי...

## II

אין איין דאָרף (ראַדאָשעווקאַ) זענען מיר געשטאַנען כמעט אַ גאַנצע וואָך. ס'איז שוין געווען נישט ווייט פון דער גאַליצי-שער גרעניץ. יעדען טאָג פלעגט מען זיך אַוועקלאָזען אַ וויאָרסט פיר הינטערן דאָרף גראָבען אָקאָפּעס. געאַרבעט האָט מען זעהר אינטענסיוו. פון פינסטער ביז פינסטער. געגראָבען לויט'ן „אוס-טאַוו", מיט אַלע „באַקוועמליכקייטען". מיט אַלע קליפּערלעך. דאַ-מאָלס איז שוין ביי קיינעם קיין ספק נישט געבליבען, אַז דאָס, צו וואָס מען גייט, וועט און מוז געשען. ס'איז טאַקי נישט „אויף אַ געלעכטער"... די אויסשפּירער פלעגען אַרויספאָרען אויף די פאָדערשטע געגענדען און איין טאָג האָבען זיי אפילו גע-בראַכט צופירען צוויי געפאַנגענע פונ'ם שונא'ס אויסשפּירער. איינעם, ווי זיי האָבען דערציילט, האָבען זיי איבערגעלאָזט אַ טויטען אויף אַ פעלד. דאַן האָט שוין איטליכער געגלויבט. אויף דעם סמך האָט פּאַסירט אין פּאָלק אַזאַ מין זאַך: צוויי גרוזינער האָבען זיך אין אַ וואַלד געשטעלט איינער אַנטקעגען אַנדערען און לויט זייער שרעקליכען אויסרייד האָבעןביידע געדאַרפט גלייכצייטיג אויסשיסען, אָבער איינער האָט פאַרשפּעטיגט און בלויז ער אַליין, דער פאַרשפּעטיגטער, האָט דערגרייכט זיין אומ-גליקליכען ציל...

איין טאָג איז מען געגאַנגען שיסען מיט אַ „פּאָרבאַרייטונגס-צוועק". איבערהויפּט איז עס געווען פאַר די זאַפּאַסנע, וואָס זענען

שוין אָפּגעוועהנט פון ביקס. איך בין געווען באַשטימט אין „אַצעפּלעניע". מיין פּאָסט איז געווען אויף אַ קריינץ-וועג, אין אַ פּאָלוואַרק, ביי דעם שטעטעל יאַמפּאָל. איך בין געזעסען אויף אַ שטיין, און מיט אַ בלייפעדער געשריבען אַ בריף אויפ'ן „פריקלאַד" פון ביקס. ס'איז פאַרבייגעגאַנגען עפּעס אַ יונג מיידעל, שטעטיש לויט'ן אויסזען. איך האָב זי געפרעגט וועגען טינט און פעדער דעם אַדרעס אָנצושרייבען. זי האָט מיך גערופען מיט זיך. ביי זיי אין שטוב,—ס'איז געווען דעם עקאָנאָמ'ס טאָכטער,—האָט מען מיך זעהר פריינטליך אויפגענומען. דאָס מיידעל האָט מיר אגב דערציילט, אַז די צייטונגען גיבען שוין באַריכטען וועגען צוזאַ־מענשטויסען... און דערביי קוקט זי אויף מיר מיט אַזוי פיל באַ־דויערונג, מיט אַזעלכע מיטליידענדיגע בליקען, אַז לייגער דאָרט בלייבען איז מיר געוואָרען אוממעגליך.

—זיצט אַביסעל, זיצט, — האָט זי געבעטען, גלייך ווי זי וואָלט בעסער געוואָלט אָנקוקען אַ מענשען, וואָס גייט זיכער צום טויט...

מיטלייד, רחמנות — ווי אָפט פייניגט עס גאָר מעהר ווי אכזריות!...

„עס האָט זיך שוין אָנגעהייבען" — האָט מיך געעגבערט דעם מיידעלס ווערטער. און זיצענדיג אויפ'ן זעלבען שטיין האָב איך זיך אין געדאַנק אָפּגעזעגענט מיט אַלץ און מיט אַלעמען!...

פון ראָטע צו ראָטע איז דער פּאַפּ געגאַנגען, אויפגערו־פען אַ רעדעל און גערעדט:

—נאָנט איז דער טאָג! נאָנט איז דער טאָג, ווען איר וועט באַווייזען אייער גבורה, אייער העלדישקייט. מיט פרייד דאַרפט איר אייער ברוסט אויסשטרעקען געגען פיינט'ס קוילען. מיט באַ־גייסטערונג דאַרפט איר אייער לעבען מקריב זיין, אייער בלוט פאַרגיסען. דאָס איז אייער חוב, אייער הייליגער חוב. אַזוי וויל גאָט! אַזוי איז דער ווילען פון דעם געקרייציגטען!...

רוהיג האָט זיך זייז קאָפּ באַוועגט און זיינע גרויע לאָקען

האָט אַ ווינטעל געוויינט... צי איז עס טאַקי די תמימות׳דיגע שטים פון אמת, פון יושר, פון ברידערליכקייט?... צי זענען טאַקי זיינע לאָקען אמת׳דיג ווייס? אומשולדיג ווייס?...

חוב?... גאָט?...

ג—אָ—אָט? — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — —

איין פאַרנאַכט גיי איך אום איבערן דאָרף און באַמערק אויף אַ פרייען פלאַץ אַ גאַנצע באַוועגונג.

איך דערנענטער זיך—אַ באַרבאַרישע סצענע:

אַ גאַנצע ראָטע שטייט „אויסגעסטראָיעט“ אין קאָלאָנעס, פירעקיג ווי אַ חית. אין מיטען שטייט דער ראָטנער, האַלב-ראָטנער און פעלדפעבעל, אַביסעל אָן אַ זייט—דער באַראַבאַנשטשיק דער ראָטנער—אַן עלטערער אָפיציר מיט אַ לאַנגער געלבליכער באָרד — לייענט מיט אַ הייזעריגער שטים דעם „פריקאַז“ פון קאָמאַנדיר פון פאָלק, אַז יענער און יענער „ריאַדאָוואָי“ ווערט פאַר אַרויסקריכען אויף צוויי וויאָרסט פון „סטראָי“ אין מיטען גאַנג פאַר׳משפט צו פיר שמיץ.

דער פאַר׳משפט׳ער האָט געמוזט אַרויס פון מיטען „סטראָי“, האָט די ביקס איבערגעגעבען אַ שכן זיינעם און זיך געשטעלט אין מיטען חית. מ׳האָט באַלד נאָך פיר סאָלדאַטען פון „סטראָי“ אַרויסגענומען: איינער האָט גענומען די בייסיגע ריטער אין האַנט און די איבעריגע דריי האָבען געהאָלפען דעם פאַר׳משפט׳ן זיך לייגען. געהאָלפען—דער אומגליקליכער צושראָקענער פויער האָט גאָר אין זינען נישט געהאַט זיך צו ווערען; אדרבא, ער האָט אַליין דעם רימען אַראָפּגענומען און זיך די הויזען אָפּגעקנעפּעלט אפילו לייגען האָט ער זיך אויך אַליין געלייגט. דאָס בלוט איז אים אין פנים געקומען און פאַר גרויס חרפה האָט ער די אויגען אויפהויבען נישט געקענט. בעת ער איז שוין אויף דער ערד געלעגען, האָבען אים די דריי סאָלדאַטען דאָס העמד פאַרשאַרצט און פאַר׳ן קאָפּ און פיס אים צוגעהאַלטען.

דערביי האָט זיך אויפגעקליבען אַרום אַ היבשער עולם:

סאָלדאַטען זייטיגע זענען געקומען און זיך אָפּגעשטעלט, איינ־צווייער פון דאָרף, פויערים און פויערטעס, מיידלעך און קינדער—יעדער, ווער ס'איז נאָר פאַרביי, האָט זיך אָפּגעשטעלט און זיך צוגעקוקט. ביי אַנדערע האָבען זיך טרערען אין די אויגען געשטעלט, און אַנדערע האָבען פאַר איפּרעגונג און צאָרן מיט די ציין געקריצט...

אַן אַלטיטשקער האָט זיך אויף זיינע ציטערנדע פיס געטרייסעלט און געמורמעלט:

—מיליטערישע דיסציפּלין... אַזוי איז שוין די וועלט...

אַ סאָלדאַט, אַ טיף־רוסישער, האָט די פויסטען געדריקט און מיט זידעל-ווערטער געשאָטען.—

—יאָ, יאָ,—האָט ער סאַרקאַסטיש אַלץ געַרעדט,—עָר גייט עס דעם קאָפּ לייגען פאַרן פאָטערלאַנד...

אַז די גאַנצע פּראָצעדור איז שוין גרייט געווען, האָט זיך ווידער דערהערט די הייזעריגע שטים פון ראָטנעם:

—באַראַבאַנשטשיק, שפּיל! איינס!

אָבער—שטיל. דער באַראַבאַנשטשיק, עפּעס אַ יודעל מיט אַ קריינקליכען פּנים, האָט ווי נישט דערהערט, און מיט די באַראַבאַן-העלצלעך קיין ריר נישט געטון!

—באַראַבאַנשטשיק שפּיל,—האָט נאָך העכער אַ הילך געטון דעם ראָטנערס שטים!

דאַן האָט שוין דער באַראַבאַן אַ שאָט געטון עפּעס אַ צוזאַמענגעקאָמבינירטען הויפען שנעלע דראָבנע קלאַנגען, וואָס האָט דערמאָנט א פּלוצלינגען שטאַרקען האָגעל אויף די שויבען, דאָס איז אַ ספּעציעלער „שמיץ-מאַרש“...

דער ראָטנער האָט געציילט:

—איינס! צוויי! דריי! פיר!

און דער סאָלדאַט מיט'ן רימען האָט זיך אָנגעבויגען איבער'ן ליגענדיגען קערפּער און, נאָכ'ן טאַקט פון ראָטנעם און באַראַבאַן, געשמיסען...

אַ פאַרשטיקט כליפּען האָט זיך פון צווישען די דראָבנע אויסגענגענעמע באַראַבאַן-קלאַנגען אַדורכגעריסען, ווי אַ ווילדער

שטראָם... און ס'איז זיכער נישט פון וויטאָג געווען; דער אומ-גליקליכער וואָלט מרוצה געווען צו ליידען גרעסערע פיזישע יסורים, איידער צו פילען די שווערע לאַסט פון הונדערטער, הונדערטער אויגען, וואָס האָבען זיין האַרץ און נשמה ווי מיט גיפטיגע שפּיזען געלעכערט...

אַ סך פון די צושויער האָבען דעם סאַמע אַפּאָגיי פון פאַרביטערונג פאַרטראָגען נישט געקענט און זענען מיט פאַרבי-סענע ליפען אַוועקגעגאַנגען אָן אַ זייט...

געענדיגט — האָט זיך דער באַליידיגטער אויפגעהייבען, זיך צורעכט געמאַכט און ווידער זיך אין „סטראָי" אויף זיין אָרט געשטעלט און זיין ביקס פון שכן צוגענומען.

...וואָס אַ פאָלק איז, האָט זיך געטראַכט: עס קען זיך אַמאָל אַ גאָלדענעם עתיד שמידען, און עס קען זיך אַליין ריטער צו זיין אייגענער שאַנד און חרפה באַשטימען... — — — —

— — — — — — — — — — — —

ס'איז אָנגעקומען אַ פאַראָרדנונג צו גיין ווייטער. איבערגע-לאָזט די כמעט געענדיגטע אָקאָפּעס מיט די גוט-איינגעאָרדענטע בלינדאַזשען — און פאָרווערטס. דער פרימאָרגען איז געווען אַ קאַלטער, אַ רעגענדיגער. פון די שווערע נידריגע כמאַרעס האָט כסדר גע-גאָסען. פאַר'ן רירען זיך האָט מען געהייסען זאָגען די תפילה: „אָסעני מעניאַ"... דער עולם האָט זיך גע'צלמ'ט און אומעטיג-שטיל געמורמעלט... יודען האָבען פייכטע אויגען צו דער ערד אַראָפּגעלאָזט...

טיפע, פייכטע, קלעפּיגע בלאָטעס. רעגען און רעגען — אָהן אַ סוף. טראָפּענס פון רעגען האָבען זיך אויסגעמישט מיט טראָ-פּענס פון שוויס... מענשען פאַרמוטשעטע, פאַרמאַטערטע, פאַר-שמוציגטע און פאַרבלאָטיגטע. ווי קליין, ווי שוואַך זענען די מענשליכע כחות! —

פון גרויס אָנשטריינגונג האָט זיך דער וויטאָג פאַרקליבען נישט אַזוי אין די פיס, ווי אין דער לינקער ברוסט-קעסטעל. איך מאַך לוּיז די כל-ערליי רימענס אַרום קאָרפּוס, בייט די

ביקס פון איין פלייצע אויף דער אַנדערער. אָבער אינווייניג האָט געריסען און געוויגען... איך פאַל-צו צו אַ קופּע שטיינער. ליג אויסגעצויגען ווי אַ טויטער, אָהן באַוועגונגען, אָטעם דורשטיג איין אין די לונגען די פייכטע לופט און דער רעגען קאַפּעט איבערן אויסגעמוטשעטען פנים... אָבער לאַנג ליגען קען מען נישט. דער פּאָלק פאַרשווינדט פון אויג און בלויז עטליכע אָפּגעשטאַנענע שלעפּען זיך נאָך פאַמעלעך, מיט אָנגעריבענע פיס, מיט איינגעבויגענע איינגעהויקערטע רוקענס. דו הויבסט זיך אויף און שלעפּסט זיך ווייטער איבער דעם בלאָטיגען וועג. אין ברוסט דריקט, דריקט, און די אויגען שפּאַרען זיך אַלץ טיפער אין שאַרבען...

פאַרנאַכט. דער פּאָלק איז אין אַ דאָרף און אונזער ראָטע איז ביי אַ וואַלד אין פעלד-וואַך*). קיין רעגען גייט שוין נישט, נאָר אַ פייכטע קעלט נעמט דורך די ביינער. פאַרבייגייער דערציילען, אַז ביי זיי אין דאָרף זענען מיט אַ פּאָר טעג צוריק געווען טסטרייכישע אויסשפּירער אויף פערד.—

עס דערנענטערט זיך...

אַ קאַלטע נאַכט. איך ליג מיט נאָך עטליכע ביי אַ ברענענדיגען קאָסטער אין וואַלד. שטיל און מרה-שחורה׳דיג. די פינסטערע בוימער רוישען איינגעהאַלטען און זייען פון אויבען מיט איינציגע אָפּגעפאַלענע בלעטלעך. ווי רוהיג און פאַרטראַכט ברענען די נידעריגע פלאַמען! די שטילע גליענדיגע קוילען ווינקען און ריידען עפּעס שטום, אָהן ווערטער, און דערמאָנען אַזוי פיל... וואַרעם, וואַרעם. די פלאַמען נעמען-אַרום דעם פנים מיט אַן אַנגענעמער ליבער וואַרעמקייט. עס שליסען זיך ביסלעכווייז די ברעמען...

קאַלט. ס׳האָט מיך אויפגעוועקט אַ קעלט. דער קאָסטער, שוין פאַרלאָשען. בלויז אַ קליינע קופּקעלע מיט איינציגע גליענדיגע

*) „סמאָראָושטשאיע אָבראַניעניע".

קילען. אַרום ליגען עטליכע מענשען, ווער דעם קאָפּ אויף דער אייגענער האַנט, ווער אויף אַ שטאַם פון אַ בוים. ס'הערט זיך פון זיי אַ שווער אָטעמען, ווי פון פיינליכע חלומות.. ס'איז נאָך גע-ווען נאַכט. אַ געדיכטע פינסטערניש. איך בין אַרויס פון וואַלד און דער בליק האָט נישט געקענט אונטערשיידען דעם שוואַר-צען הימעל פון דער נאַכט-פינסטערניש.

איך מיט נאָך צוויי זענען באַשטימט צו גיין אין „דאָזאָ-רעס", כדי נאָכצוזען די אויסגעשטעלטע פּאָסטען. שווייגענדיג און שטיל זענען מיר פּאַרקראָכען פון הינטערן וואַלד און זיך געלאָזט גיין פון יענער ריכטונג, פון וואַנען מ'האָט דעם שונא דערוואַרט.

—אָט דאָ דאַרף זיין דער ערשטער פּאָסט,—זאָגט דער יע-פרייטאָר,—פאַרוואָס רופט זיך קיינער נישט אָן?

מיר האָבען געזוכט אַרום דעם פּלאַץ, אַ רוף געטון איי-נעמ'ס נאָמען, נאָר קיין ענטפער.

—דער פּאָדפּאָרוטשיק האָט פּאַרט געזאָגט, אַז דאָ דאַרף דאָס זיין.

ענדליך האָבען מיר געפונען. ביי אַ ברעג וואַלד אין אַ קאַ-נאַווע זענען זיי ביידע געלעגען, דער „טשאַסאָוואָי" מיטן „פּאָד-טשאַסעק".

—אַ סקאַנדאַל, זיי שלאָפען

—שאַ, מיר וועלען זיי אָנלערנען: צונעמען די ביקסען און זאַסטאַווע,—האָט פאָרגעלייגט דער יעפרייטאָר.—

נאָר באַלד חרטה געהאַט:

—גלאַט ווי שלאָפט מען עס אין אַזאַ אָרט! מ'קען זיי ביידען דערשטעכען און — שאַ-שטיל. קיין האָן וואָלט נישט אַ קריי געטון.

אַ ווייל[ע] שטייען מיר און קלערען וואָס צו טון מיט זיי.

—מען דאַרף זיי אויפוועקען.

—הע[י], שטייט-אויף!

קיין ענטפער.

—וואָס פאַר אַ שלאָפען, „פּאָד-סוד" זיך פאַרוואָלט! — איג

שוין אין פעס געוואָרען דער יעפרייטאָר, און איינעם אַ וועק-געטון מיט׳ן פוס, דאָס זעלבע האָב איך געטון, צוגייענדיג צום צווייטען.—

קיין באַוועגונג.

מיר בויגען זיך אָן—וואָס איז דאָס? קיין אָטעמען, קיין ריר.

—צינד־אָן אַ שוועבעלע, נאָר פאַרשטעל מיטן שינעל.

און דאָס ציטערדיגע פייער האָט באַלויכטען—בלוט, בלוט... ווי שוידערליך!

ביידע דערשטאָכענע, דער „טשאַסאָוואָי" און דער „ראָד־טשאַסעק". איינער ליגט איינגענורעט מיט׳ן פנים אין גראָז. די ביקסען נעבען זיי זענען נישטאָ.

—אַהאַ, וואָס האָב איך אייך געזאָגט?-האָט זיך אָנגעבאַפט דער יעפרייטאָר,—פינסטער, הושך, דער וואַלד איז געדיכט, די אויסשפּירער האָבען פאַמעלעך דערשמעקט אַ שלאָפעדיגען פּאָסט, צוגעקראָכען—און פאַרטיג!

באַלד האָבען מיר די צוויי טויטע אומבאַוועגליכע קערפּערס איבערגעלאָזט מיט דער פינסטערניש און מיר זענען אַוועק איבערגעבען.

איך גיי און עס שוידערט מיך... כ׳קען נישט פאַרגעסען... כ׳פיל נאָך אַלץ, ווי מיין רעכטער פוס רירט זיך אָן אָן דעם פוס פון אַ טויטען...

—דער ערשטער טויטער... — באַמערקט מיר ביטער מיין שכן—מען דאַרף אַ ברכה מאַכען...

און ווען איך בין שוין שפּעטער געווען צוריק אין זאַסטאַווע נעבען זעלביגען אויסגעבּרענטען קאָסטער, האָב איך נאָך אַלץ געפילט, ווי איך וועק אַ טויטען מענשען מיט אַ דורכגעשטאָכענער ברוסט...

דעם רעכטען פוס האָב איך עפּעס אַנדערש געשפּירט...

ווידער טאָג. קיין גרויסען איבערגאַנג מאַכען מיר נישט היינט. מיר שטעלען זיך אָפּ נעכטיגען אין אַ דאָרף נעבען שטעט-

טעל ווישנעווען.

דאָ האָבען מיר אַ „דניאָווקע". ס'איז גראָד דאַן אַ זין-פינ-סטערניש. אַנדערע רויכערן־אָן גלאָז און פאַרנעמען זיך מיט „אַסטראָנאָמישע באָאָבאַכטונגען"...

איין סאָלדאַט קומט צוגיין מיט אַ נייס, אַז אין שטעטעל איז פאַראַן אַ גאָלערקע—אַ מיידעל... זי ראַזירט—זאָגט ער הנאה'-דיג,—פּרימאָ—אַ, ס'אַראַ הענטעל ביי איר אַ מחיה'דיגס!..

עס געפינען זיך בעלנים, וואָס כאַפּען זיך צופען די מאָר-דעס, קלערען, און לאָזען זיך אַוועק אין שטעטעל ראַזירען...

צומאָרגענס זענען מיר דורכגעגאַנגען דורכ'ן שטעטעל. ס'איז געווען אַ שבת'דיגער טאָג. די קראָמען זענען געווען געשלאָסען, און יודען — קליין און גרויס — זענען געשטאַנען ביי די זייטען גאַסען. פון איין טיר איז אַרויסגעלאָפען אַן על-טערער יוד מיט אַ שבת-קיכעל אין האַנט, און באַמערקענדיג ווייזט-אויס, מיין יודיש פנים, איז ער צו מיר שנעל אַ לויף-געטון און אויסגעשטרעקט זיין דאַרע ביינינע האַנט:

—איר זענט אַ יוד? נאַט, נעמט!

ווידער זע איך די באַזונדערע מיטלייד, וואָס מ'פילט צו איינעם, וואָס מוז באַלד שטאַרבען!...

אויפ'ן וועג האָט אַ רייטער געפירט צוויי געפאַנגענע הוזאַרען.

—עסטרייכער! עסטרייכער!

אַלע האָבען דורכגעדרונגען מיט די בליקען די צוויי הו-זאַרען אין די רויטע הויזען, גראַנאַט מונדירען און קלינגענ-דע שפּאָרען. די געפאַנגענע האָבען אַפּנים גוט דערשפּירט די בליקען פון שונא'ס אַ גאַנצען פּאָלק און זיי האָבען מאָדנע גע-שמייכעלט איינע צו די אַנדערע.

דאָס מאָל מאַכען מיר אויך נישט קיין גרויסען איבערגאַנג און באַזעצען זיך אין אַ דאָרף, אַ וויאָרסט פיר פון דער גרעניץ. דאָרט איז שוין אויסגעקומען צו זען דעם שונא'ס אַ גאַנצע ראָ-טע פוס־גייער, וואָס מ'האָט פאַרנומען אין אַ זאַסטאַווע. דער גאַנ-צער פּאָלק איז אַרויס פון די שייערן קוקען. די געפאַנגענע האָבען זיך צוצויגען אויף אַ היבשער שטרעקע און זייערע הימעל-

קאָלירטע קריגס-קליידער האָבען אַ לאַנגע צייט פאַר די אויגען געבלאַנקט. אַנדערע רוסישע סאָלדאַטען רוקען זיך אַריין צווישען די געפאַנגענע, פּרובען כאַפּען אַ שמועס אויף שטום-לשון און מ׳איז זיי דערביי מכבד מיט „מאַכאָרקע״ און מיטן אויפדרייען איך... צום לעצטען איז נאָכגעגאַנגען אַ סאַניטאַר — דוכט זיך, אַ יוד, אַן אמת יודישע נאָז, באלד ווייזט זיך עס אַרויס פאַר ריכ־טיג: ער שטעלט אויך אָפּ זיינע בליקען אויף מיר מיט אַ באַזונ־דער אויפמערקזאַמקייט און זאָגט מיר אַ גאַנץ יודישליכען „גוט מאָרגען״.

—גוט מאָרגען! גוט מאָרגען!—האָב איך אים צופרידען גע־ענטפערט.



פרייטאָג-צו-נאַכטס איבער בעדרויפשעטער גאַסען (צום קאַפּיטל I ז' 6

## III

צומאָרגענס פאַר'ן אַרויסגיין האָט מען איבערגעגעבן:

—היינט גייען מיר איבער די גרעניץ, מ'זאָל זיין אויפמערקזאַם אויף אַלץ: אויפ'ן עסען, אויפ'ן טרינקען, וואָס די איינוואוינער וועלען געבען, ווייל ווער ווייסט יענעמס גאַסטפריינטליכקייט... פאָרט אויפ'ן שונא'ס באָדען. מ'זאָל זיך האַלטען אַרטיג, נישט רויבען, נישט באַליידיגען.

היינט, הייסט עס, געזעגענען מיר זיך אָפּ מיט דער היימישער ערד.

אַנדערע האָבען זיך אויף דעם סמך גענומען ווערטלען:

—מיר גייען גאָר אָהן אַ גובערנאַטאָר-פּאַס... — באַמערקט איינער; און אַ צווייטער האַלט אים אונטער:

—און אָהן „טאַמאָזשנע" און אָהן „פּאָליציייאישע מניעות"... פראַנק און פריי...

איבעריגענס, ווער ווייסט וויפיל שעה עס קען שוין איצט געדויערן אונזער „פרייקייט". „וויפיל שעה"—מ'האָט אַלץ געמיינט, אַז דאָס איז אַ פראַגע נישט פון וואָכען און חדשים, נאָר פון געציילטע טעג און שעה'ן. אָט, דוכט זיך, ברעכט עס אויס. דאָס דערוואַרטעטע פייער, אָט וועלען אַ קראַך טון די האַרמאַטען—און דער טויט... ווייזט זיך אָבער אַרויס, אַז דער שווערער פיינליכער קאָשמאַר ציט זיך ווי אַן אייביגקייט און וועקט אַלץ פינסטערערע געדאַנקען... אַלץ שוידערליכערע פאָרגעפילען...

אַז מיר זענען אָפּגעגאַנגען אַ שעה צייט, האָבען מיר זיך געפונען נאָענט פון אַ שמאָלען וועג; פון יענער זייט—וואַלד, און פון אונזער—אָפּגעשניטענע פעלדער.

—איר זעט?
—סלופעס, סלופטשיקעס!
—די גרעניץ!
—סלופטשיקעס און אַ צלם!
דער פאָלק האָט זיך צוגעזעצט אָפּרוען. אַנדערע זענען צוגעלאָפען לייענען די אויפשריפט אויף צ שטיינערנעם מאָנומענט: רוסלאַנד־גאַליציען.
איבערגעגאַנגען איז מען דאָס שמאָלע וועגעלע — די גרע־ניץ—אוגטער די טענער פון צערעמאָניאַל־מאַרש.
נאָכדעם האָבען די מוזיקאַנטען באַהאַלטען זייערע אינסטרו־מענטען אין די פוטליאַרען און פון דאַמאָלס אָן, דוכט זיך, האָ־בען זיי שוין מער נישט געגלאַנצט אַנטקעגען דער זון.
מ׳האָט געגומען גיין לאַנגזאַמער און איטליכער האָט זיך מיט נייגעריגע בליקען גענומען אַרומקוקען אין אַלע זייטען: קיין אונטערשייד וואַרפט זיך נאָך נישט אין די אויגען... דער זעלבער הימעל, די זעלבע פעלדער און לאָנקעס, די זעלבע בוימער. נאָר דאָס וואָס אויפ׳ן שמאָלען וועגעל שטייט אַן אויסגעהאַקטער פיר־קאַנטיגער שטיין—„רוסלאַנד־גאַליציען״. נאָר געפילט האָט איטלי־כער, אַז מ׳איז שוין נישט אין דערהיים. עפּעס טרעטען די פיס אויף פרעמדען זאַמד, אויף פרעמדער ערד. די אָפיציערען קוקען אין די קאַרטעס און מ׳גייט לויט אַ באַשטימטען וועג, אָבער ביז וואַנען?... ביז וואַנען וועט מען אַזוי גיין? אָט דאָרט מיט אַ ווי־אָרסט אַכט פאָרויס שוואַרצט זיך אַ וואלד—ווער ווייסט, וואָס אין דעם דיכטען וואַלד טוט זיך. געוויס וועלען מיר זיך דאָ ערגיץ אָנשטויסען אָן אַן אַנדער „גרעניץ״...
אויף די תבואה־פעלדער האָט מען נישט אָנגעזען · קיין לעבעדיג וועזען. ערטערהווייז זענען געלעגען שוין פאַרטיגע אויפ־געלייגטע סנאָפּעס און ערטערווייז איז, קענטיג, די אַרבעט אין מיטען אַוועקגעוואָרפען געוואָרען. שטיקלעך בייטען זענען שוין געווען נאַקעט, און שטיקלעך—מיט ווייטע טריקענע זאַנגען.
מיר זענען, הייסט עס, אין גאַליציען!...
פון אַנטקעגען ווייזט זיך אַ דאָרף. פון איין זייט אַ הויבער־

איבער קוימען פון אַ בראַנפען־פאַבריק, פון דער אַנדערער זייט — אַ שפּיץ פון אַן איינפאַכער הילצערנער קירכע. אַז מיר זענען אַריין אין דאָרף, האָט מען לכתחילה קיין איין מענשען נישט געזען. נאָכדעם, זעענדיג, אַז מיר גייען זיך דורך רוהיג, געלאַסען, האָבען זיך פון אַנדערע הייזער גענומען אַרויסרוקען פון די טירען האַלב־צושראָקענע איינוואוינער און שטיל אָהן ווערטער האָבען זיי בייגעריג געקוקט אויף אונז.

און ס'האָט זיך שוין געוואָרפען אין די אויגען דער אונטערשייד: ווייסע פּידזשאַקעס, העלע רונדע קאַפּעלושען, קאַמאַשען — גאָר שטעטיש. די פרויען כמעט אַלע אין קליין־רוסישע קאָסטיומען. אמת, עס האָבען זיך אויך באַמערקט אָרעמערע אין אַלטע „טערמיגעס" און „קאָזשוכען".

אויף אַ גאַניק פון אַ שיינער הויז איז געשטאַנען אַ יודישע פרוי מיט צוויי יונגע מיידלעך. זיי האָבען נאָכגעקוקט בייגעריג און ערנסט און איינע האָט מיט'ן פינגער אַ וויז געטון:

— זעסט, דאָרט גייט אַ יוד.

— אָט נאָך איינער. אַן אמת יודיש פּנים!

אין מיטען דאָרף האָט זיך דער פאָלק צוגעזעצט. סאָלדאַטען האָבען זיך ביסלאַכווייז גענומען רוקען אין די הייזער, וואו מען האָט „מכבד" געווען מיט אַ ביסעל קאַלט וואַסער. די איינוואוינער זענען אויס מורא זעהר קאַרג אויף ווערטער. סאָלדאַטען פרעגען נאָך בייגעריג, ווען דאָ איז געווען „זייער" מיליטער און זיי ענטפערן קורץ, אַז נעכטען איז דאָ געווען זייער קאַוואַלעריע, און ווייטער ווייסען זיי גאָרנישט, זיי מישען זיך נישט... זיי איז אַלק־איינס...

— מיר זענען דאָ אַלע רוטענער, — האָבען זיי ערקלערט ליתר תוקף, — קיין איין פּאָליאַק און קיין איין דייטש. די קירכע איז אויך אַ פּראַוואָסלאַוונע.

מען דאַרף, קומט אויס, נאָך זייערע רייד, אויף זיי קוקען ווי אויף „אייגענע"...

אויף די ווענט פון אַ סך הייזער זענען געווען אַרויסגעהאַנגען „איקאָנעס", וואָס האָבען אויך ווי עדות געזאָגט: „מיר

—אָט דאָס זענען „זיי".

אַנדערע ראָטעס פון אונזער פּאָלק צושיטען זיך אין קייט אין שורות-ווייז לאָזען זיי זיך אַלץ העכער און ווייטער צום דאָרף.—דאָס האַרץ האָט עס אָבער נאָך נישט אינגאַנצען דערשפּירט. מעגליך דערפאַר, ווייל ס'איז נאָך איצט איינס בייטאָג און די זון באַקט נאָך אומברחמנות'דיג, און דער שווייס קאַפּעט נאָך אַלץ, און דער דורשט מאַטערט—אַזוי, אַז מ'איז גאָר אין שטאַנד נישט צו קלערען, וואָס שפּעטער וועט זיין, כאָטש דאָס „שפּעטער" איז נישט קיין וואָך, און נישט אפילו קיין טאָג, נאָר בלויז פערטעל שעה'ן אָדער מינוטען...

באַלד אָבער איז שוין די היץ פון דער זון, דער שווייס, די פּאַרמאַטערטקייט באַזיגט געוואָרען, און טריאומפירט האָט דער טויט, וועלכען קיינער האָט נישט געזען, נאָר געפילט מיט דער גאַנצער לייב און זעל. לכתחילה איז אונז אויסגעקומען צו גיין דורך די שיטערע בוימלעך, לינקס; און ווייל דער פּלאַץ איז אַ נידריגער, זענען מיר געגאַנגען גלייך, זאָגאַר נישט איינגעבויגע-נערהייט. מיר זענען אָבער גלייך אַרויסגעקומען העכער, און טיף טיף אין מח האָט פּלוצלונג אַ מיש-געטון:

—טר—ר—ראַ, טאַ, טאַ, טאַ, טאַ!...

מען שיסט פון אַנטקעגען.

בלויז עטליכע קוילען האָבען אַ פּייף-געטון מיט אַ לאַנג-ציעהענדער זשומעריי.

—לייג זיך!—

איבעריגענס, כמעט אַלע האָבען אַ פאַל-געטון אָהן דער קאָמאַנדע.

—טר—ר—ראַ. טאַ, טאַ, טאַ, טאַ!

מיט וואָס פאַר אַ כח יעדע קויל שניידט דורך די לופט...

ס'וועט געוויס טרעפען... אָהן צווייפעל... אָהן צווייבעל...

ס'ווערט שטיל אַ מינוט.

—אויף פופציג טריט פאָרויס!

אַ פרישער קוואַל כחות האָט זיך געעפענט. ווי הויבען זיך עס די טריט אַזוי שנעל, אַזוי פלינק? דאָס יאָגט די קויל, וואָס

לויפט-אָן פון אַנטקעגען, און איטליכער וואָלט וועלן וואָס פריער צוריק אויף דער ערד ליגען.

די טראַסקערייע איז געוואָרען אַן אָפּטע, אַ מורא'דיגע. ס'איז אוממעגליך געווען צו אונטערשיידען איין שאָס פון אַנדערן. אַלע קנאַלען האָבען זיך צונויפגעגאָסען אין אַ משונה'דיג ווילדען רוישען איבער אַ גאַנצער ברייטער ליניע. וואו איינער איז געווען, דאָרט איז ער אַ פאַל-געטון. איבער'ן קאָפּ האָט זיך געטראָגען אַ שרעקליכע הוזשעריי פון קוילען—סאַמע איבער'ן קאָפּ! עטוואָס אַ הויב-טון זיך—איז גענוג. עס האָבען אויך אָנגעהויבען האַרמאַ-טען צו דונערן און שראַפּנעלען זיך צו רייסען... אַך ווי ס'מישט אין קאָפּ, ווי ס'טומעלט!... עס וועט טרעפען...

—אויף פופציג טריט פאָרויס!—

אַך איצט?!...

קיינער האָט זיך קיין ריר נישט געטון. אַלע זענען געלע-גען אויסגעצויגען און זיך געטוליעט מיט די קעפּ צו דער ערד.

—פאָרווערטס!—

אָבער קיין ריר, קיין באַוועגונג פון קיינעם. טאָמער האָט איינער אַ הויב-געטון דעם קאָפּ, האָט ער אים גלייך צוריק אַראָפּגעלאָזט, ווייל ער האָט געזען, אַז אַלע ליגען.

דער פעלדפעבעל איז ערגעץ פון הינטען אומגעקראָכען און מיט גוטען געבעטען: „נו, ברידער, ברידער!" נאָר אַז דאָס האָט אויך נישט געהאָלפען, האָט ער די „ברידער" אויף „הינט" פאַרביטען און האָט זיך צום שווערד געפּרובט נעמען... אייניגע האָט ער איבער די פיס מכבד געווען...

זיך אויפגעהויבען ווי עס איז און נישט מיט קיין מענש-ליכער קראַפט ווייטער געלאָפען. אַזוי עטליכע מאָל. אויפ'ן וועג זענען שוין אַנדערע געבליבען. ווער ס'איז אומגעפאַלען אָהן לשון און גלייך די ביקס איינגעלאָזען און ווער האָט פּלוצלונג זיך אָפּגעהאַלטען פון לויפען און אַ געשריי ארויסגעלאָזט:

—אָ גאָט!

פון לינקס און פון רעכטס האָבען זיך קרעכצענדיג שטע-מען געהערט:

—סאַ—ני—טאַר!...
—בלוט.

דעם ערשטען, וואָס איך האָב דערזען, האָט ערגעץ אין באַק געטראָפען און דאָס גאַנצע געזיכט מיט דער באָרד איז גע-ווען גלאַנציג-רויט. קיין איינציג ווייסער פלעק. אַ רויטער, גאַנץ רויטער פנים. פייכט און גלאַנציג-רויט!... שפּעטער אַביסעל זענען שוין די פּיינליכע, בעטענדע קולות געוואָרען אָפּטער. קוים-קוים וואָס זיי פלעגען זיך דורכרייסען דורכ'ן גיהנום'דיגען ליאַרם.

—סאַ—ני—טאַר!...

—סאַ—ני—טאַר!...

— — — — — — — — — — — —

...מיר זענען געלעגען אין אַ לאָשטשינקע, צווישען צוויי בייטען. האַרט איבער'ן קאָפּ האָט זיך געטראָגען די זשומעריי פון קוילען...

מ'האָט באַפוילען צו עפענען פייער. אין די אויגען האָט מאָדנע געשווינדעלט, גלייך ווי מען וואָלט געזען ווי די קוילען לויפען פונקט אַנטקעגען שאַרבען. אין מח האָט גערוישט און גע-טומעלט, און דאָס האַרץ האָט ווילד זיך געהויבען און אָנגעשלאָ-גען זיך אָן דער ערד, צו וועלכער מ'איז געלעגען צוגעדריקט ווי צו אַ באַשיצערין. די באַוועגונגען זענען געווען נערוועזע, פיבערהאַפטע. די ציטערנדע הענט האָבען אומגעלומפּערט געאַר-בעט און זיך געגראַבעלט ביי די פּאַטראָנעס און ביים אָנלאָדען.

—טאַ—טאַ—טאַ—טר—ר—ר—ר.

דער גיהנום אַלייך האָט זיך געעפענט און זיין גרויזאַמקייט אַנטפּלעקט. קיין געדאַנק, קיין פאָרשטעלונג. אַלץ איז פאַרשלונ-גען געוואָרען אינ'ם ווילדען קאָשמאַר פון קנוילען פייער, שטי-קענדען רויך. טראַסקעריי פון ביקסען, פּולעמיאָטען, קנאַלען פון האַרמאַטען, הילך פון גראַנאַטען און געשרייען פון פאַרבלוטיגטע...

—בום! ! ב—בו—ם—ם—ם! בום!

—טר—ר—ר—ר—ר—ר.

דער סוף! דער סוף! די וועלט קומט-אום! הימעל, ערד, פייער, וואַסער,—אַלץ וועט זיך אויסמישען אין איין גרויסען פייער-

זענען אייגענע".

אָפּגעשטעלט אויף נאַכט־לעגער האָט מען זיך אין אַן אַנ־דער דאָרף. דאָרט שניידט זיך שוין דורך אַ שאָסיי צו דעם שטעטעל זלאָטשעוו.

נעבען דאָרף געפינט זיך אַן עקאָנאָמיע פון אַ יודישען גוט־באַזיצער, וואָס איז אַליין אַנטלאָפען טיף אין לאַנד און אין דעם גאַנצען גוט, צווישען אַזוי פיל האָב און גוטס, האָט זיך געבאָמ־בעלט עפּעס אַן אַלטיטשקער אויפזעער. אין דער עקאָנאָמיע איז אויך געווען אַ ברויז. סאָלדאַטען האָבען זיך דאָרט גענומען אַרומ־דרייען און דערשמעקט, אַז מען קען דאָרטען מאַכען „שהכל"...

מ'האָט אָבער באַלד באַפוילען אַרויסצולאָזען די פולע פּע־סער אין טייך. אין די געביידעס פון דער עקאָנאָמיע האָבען זיך סאָלדאַטען געפּאָרעט צווישען די הפקר־גוטס... די וואוינונגען — באַפּוצטע אין אַלט־מאָדישען סטיל. אַלערליי אַנטיקען און באַצי־רונגען. מעטאַלען און זילבער. פּאָרטרעטען, בילדער, טערקישע טעפּיכער. נייע און אַלטע ביכער. אַ מאַסע יודישע ספרים, אַ סך פּאַרצייטיגע פון אַמשטערדאַמער דרוק. און אַלץ ווערט איבערגע־דרייט. פון אַלץ ווערט אַש און שטויב...



## IV

נאַכט. מ'ליגט ביי די הייזער אונטער פּאַלאַטקעס. קאַלט־ליך. עס נעמט נישט קיין שלאָף. ערגעץ הינטערן דאָרף געפּינען זיך אַרויסגעשטעלטע „זאַסטאַווּעס", אָבער נישטאָ שוין די רוהיגקייט. יעדער העכערער קלאַנג רופט־אַרויס אַ פּאַרדאַכט.

די אויגען זענען פאַרמאַכט, אָבער קיין שלאָף קומט נישט. מ'קלערט זיך וועגען דאָס אומפאַרמיידליכע, וואָס וועט סוף־כּל־סוף געשען. אין מאָדנע אומגעלומפּערטע בילדער שטעלט זיך עס פאָר. אַזוי שרעקליך, אַזוי שוידערליך! איבּריגענס, די ווירקליכקייט קען זיך גאָרנישט אַרויסווייזען לייכטער פון די פאָרשטעלונגען...

אָט וואַרפען זיך אַרויס אויף אַ פעלד, ווי פון אַ שטורעמדיגען ווילדען ים אויסגעשפּיגען, ווילדע צודרייצטע בּרואים מיט שאַרפע גלאַנציגע שטיקעס און אַנטבּלויזטע שווערדען. מ'פליט אויף צעווילדעוועטע פערד, וואָס טופען מיט די פיס און רייסען דיקע באָדען אונטער זיך, און עס וואַרפען זיך פון אונטער זייערע קאָפּיטעס שטיקלעך גלידער פון מענשליכע קערפּערס מיט געדיכטע הויפענס ערד אויסגעמישט, און שטיקעס שטעכען זיך אין ברוסטען און בייכער, און שווערדען שפּאַלטען זיך איבער העלזער און שאַרבענס... צולעכערטע שאַרבענס — — — — — —

— — —✱— — — — — — — — —

און איך?...

עס מאָלט זיך מיר נישט אויס קלאָר. וויפיל איך האָב זיך נישט באַמיט צונויפצונעמען מיינע געדאַנקען און דערמאָנען זיך געוויסע שטורמישע מאָמענטען און איבערראַשענדיגע צופאַלען אין

מיין לעבען, אָבער פון דעם אַלעם האָב איך נישט געקענט אַראָפּ־
געמען אַ ווערלכן עס איז ביישפּיל, ווי אַזוי איך וועל זיך קע־
גען האַלטען דערביי; און וואָס פאַר אַ פּאָזע וועט מיך שטעלען
די אָנקומענדע בלוטיגע מינוט, וואָס איז דאָך אַזוי אומפאַרמייד־
ליך, ווי נאָכ'ן עשאַפאָט—דער טויט...

איך ווייס אָסור נישט.

און אפשר וועט עס פאַרגליווערן מיין האַרץ? נאָר... כאַ־
כאַ!—אַמאָל, אַמאָל, אין די קינדער־יאָרען, אַז איך האָב אַ יונגעל
געמאַכט בלוט פון נאָז, האָט מיר דאָס געוויסען מיין רוה גע־
רויבט, און איך האָב זיך בעת־מעשה צעוויינט מער פון אים...
און ווען איך פלעג נאָכדעם זען דאָס יונגעל, פלעגט זיך ביי
מיר אויפוועקען אַ פּיינליכער געפיל פון שולד, ווי ביי אַ רוצח.
ס'האָט זיך מיר אַלץ פאָרגעשטעלט זיין דאַמאָלסטיג וויינענדיג
פּנים און די שנירלעך בלוט, וואָס האָבען זיך געצויגען, דורכשניי־
דענדיג די ליפּען, איבערן מאָרדע... און וויפיל מאָל ווערט מען
עס נישט אין לעבען אָפּגענאַרט און באַטראָגען דורך אַנדערע?...
און וויפיל מאָל ברייגגט מען אייך פון געדולד נישט אַרויס און
איר קומט צו ציין־קראַמפּען און פאַרבען-ענדערונג אויפ'ן געזיכט?..
וויפיל מאָל וועקט מען נישט אויף די באַהאַלטענע חיה, וואָס
ליגט טיף באַגראָבען אין מענשען?... אָבער ניין! דאָס פיינגעפיל,
ערציהונג, טאַקט, זעלבסט-קריטיק קומען אַנטקעגען און מיר שטע־
לען זיך העכער פון אונזער צאָרן, און מיר באַזיגען דעם טירי־
שען אינסטינקט פון פויכט—כאָטש פאַר די אויגען שטייט אין
זיין גאַנצער וואוקס דער פּערזענליכער שונא מיט זיין איראָני־
שען, גיפטיגען שמייכעל'ע...

יאָ, איך האָב איינמאָל פיינט געהאַט אַ מענשען (ער האָט
עס כשר פאַרדינט); האָב אים טאַקע ממש פיינט געהאַט ווי אַ
עפּין. און ווען איך פלעג אַמאָל קוקען אין זיינע קליינע פאַלשע
פאַררעטערישע אויגלעך, פלעגט זיך מיר דוכטען, אַז אַ מויז קריכט
מיר איבערן לייב און די שנאה אין מיר פלעגט זיך נאָך מער
צעוואַקסען, פונקט ווי איך וואָלט אין זייער מוטנעם שיין דערזען
מיין שמוציגע נשמה אין איר גאַנצער עקעלהאַפטער נאַקעטקייט...

און בעת-מעשה פלעגט דורכשווערבן אין קאָפּ: ווי וואָלט, אַ שטיי־נער, געווען, ווען איך נעם פלוצלינג אַרויס פון טאַש אַ רעוואָל־ווער און לאָז אים אַריין אַ קויל גלייך אין זיין קופּערנעם שטע־רען און אַ רויך פון פּולווער וואָלט פאַרגאָסען זיינע פאַלשע אויגלעך?... פוי! ווי הילפלאָז, ווי שוואַך, ווי רחמנות'דיג פלעגט ער דאַן אויסזען אין מיינע אויגען! כאַ־כאַ, אָט ליגט ער, דער שונא מיינער... בלוט רינט פון זיין געעפענטען שאַרבען. און זיין גראָב־בייכיגער קערפּער גיט זיך נישט קיין ריר. זיינע אויגלעך זעען זיך שוין נישט; אַרום אים—ווייב און קליינע קינדער... היס־טעריק, חלשות, טרערען...

און מאָדנע! וויפיל רחמנות קריג איך דאַן אויף דעם שונא מיינעם, ווענען וועלכען איך האָב געקאָנט אַזוי טראַכטען, בלויז טראַכטען... איך טרייסעל זיך אָפּ פון אַזעלכע רעיונות און ווער בעת־מעשה ווי אונטערטעניג זיין שלעכטען ווילען, וואָס איז גע־ווענדעט קעגען מיר...

אויב אפילו איך זאָל טויזענט מאָל זאָגען: „פליכט"—בין איך דאָך אָבער אַלץ דער אייגענער, וואָס קלערענדיג ווענען נקמה פון זיין פערזענליכען שונא, קריגט גאָר דאַמאָלס רחמנות אויף אים! בפרט נאָך — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — —

פאַרוואָס?... — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — —

...כ'ווייס עס נישט... כ'ווייס אסור נישט אין וועלכער פאָ־זע איך וועל שטיין ביים אָנקומען פון די אומפאַרמיידליכע גרוי־זאַמע מינוטען...

איך עפען די שלאָפלאָזע אויגען, קוק אויף דעם אויסגע־שטערענטען הימעל, זוך צווישען די מיליאָנען שטערען אַן ענט־פער, און דער קאָפּ שווינדעלט, שווינדעלט...

באַנץ פריה איז מען אַרויסגעגאַנגען. ווער ס'האָט געהאַט אַ

שטיקעל ברויט, האָט צוגעביסען, ווער נישט — האָט פרובּט געגרי־
זשעט. דעם טאָג איז מען אויך אַריבער אָהן אַ באַגעגעניש און
מ׳האָט צולייגט זיך אין אַ דאָרף אויף נעכטיגען.

איך קום אַריין אין אַ יודיש הויז — פול יודישע סאָלדאַטען!
ווער עס קייט אַ שטיקעל לחם, ווער אַן עפעל, אַ באַר און מען כאַפּט
אַ שמועס מיט די הויזיגע. דער בעל־הבית פרעגט אומרוהיג, צי
מען וועט אים גאָר נישט טון. די יודישע סאָלדאַטען באַרוהיגען
אים. אגב דערציילט דער יוד, אַז ער האָט אַ שטיקעל פעלד —
צי מען וועט עס ביי אים איצט נישט צונעמען און צי מ׳וועט
אים לאָזען וואוינען אין דאָרף?... ווייל ער ווייסט, אַז אין רוס־
לאַנד טאָרען יודען נישט קויפען קיין ערד און נישט וואוינען
אויפ׳ן ישוב...

פון דאָרטען בין איך אַוועק צו אַ צווייטען יודען. אויך
פול סאָלדאַטען. די איינציגע, וואָס האָט מיט איטליכען גערעט,
איז געווען אַ סימפּאַטיש פריילין. גערעט האָט זי רוסיש. אַז
איך האָב זי באַגריסט מיט אַ יודישען „גוט נ׳אָוונט“, האָט זי
מיר אויך געענטפערט: „דאָברי וועטשער“... מילא! דאָס מיידעל
האָט זיך פאַרשוויצט און פאַררויטיגט, טענה׳דיג מיט איטליכען
באַזונדער, אַז ס׳איז קיין זאַך נישטאָ ביי זיי צו פאַרקויפען.

אַז זי איז אַריין אין אַ פרייערן צימער, האָב איך זי גע־
פרעגט, צי געפינט זיך נישט ביי זיי צום פאַרקויפען פשוט אַ
שטיקעל לחם, מאַכט נישט אויס פאַרשימעלטע...

— איך וועל אייך געבען פון אונזערע — ענטפערט זי גוט־
מוטיג.

— טאָ וואָס וועט איך בלייבען? —

— ניין, ניין, ביטע. מיר זיצען אויף אַן אָרט!

און זי נעמט אַרויס פון שענקעל אַן אָנגעהויבענעם ברויט,
שניידט־אָפּ אַ שטיקעל און דערלאַנגט מיר. איך נעם אַרויס קליינ־
געלט און פרעג: „וויפיל?“

— אָ, ניין, ניין, — שמייכעלט זי.

— נישט פאַר געלט וויל איך נישט.

— איר באַליידיגט מיך מיט געלט — זאָגט זי דרייסט און

קט־אָפּ מײַן אויסגעשטרעקטע האַנט מיטן געלט.

באַזיגט האָט זי, נאַטירליך: איך בין דאָך דער הונגערי־גער...

כ׳באַדאַנק זי און גײ אַרויס מיט אַן אומבאַקוועם געפיל...

נאָכדעם גײ איך פאַרבײ עפּעס אַ כאַטקע, נעבן װעלכער עס שטײט אַ יונג מײדעל אין אַ קלײן־רוסישען קאָסטיום. דער־זעענדיג מיך, רוקט זי זיך אָפּ אַביסעל אָן אַ זײט... איך נעם מיך אָבער אָן מיט העפליכקײט און פרעג גאַנץ װײך:

—אפשר װײסט איר, פרײלײן, װאו מ׳קען קויפען עטליכע אײער?

מײן העפליכער טאָן האָט טאַקי געװירקט און דאָס מײדעל האָט זיך דערנענטערט צו מיר, האָט איבערגעפרעגט און געענט־פערט שמײכלענדיג:

—איך קאָן אײך געבען, אָבער נישט קײן סך.

—בלויז צװײ—דרײ װיל איך.

—גוט, גוט.

און זי איז אַװעק צום הײזעל.

איך בין לכתחילה נאָכגעגאַנגען נאָך איר, אָבער קומענדיג צו דער טיר, האָט זי זיך אָפּגעשטעלט װי אין פאַרלעגענהײט און בעטענד געזאָגט:

—איר װאַרט בעסער. כ׳װעל שוין אַרויסטראָגען...

כ׳האָב דײטליך פאַרשטאַנען איר שרעק...

—נו, גוט, איך װעל נישט אַרײן...—האָב איך זי פאַרזיכערט.

אין אַ װײלע אַרום איז זי צוריק אַרויסגעקומען מיט׳ן צו־געזאָגטען.

—אין שטוב איז דען קײנער נישטאָ?

—נײן, קײנער נישט. דער מאַן איז ערגעץ אַװעק.

—איר האָט שוין דען אַ מאַן?!

—יאָ, יאָ, מיר האָבען זעהר פריה חתונה געהאַט... אויס ליבע... אָט גײט ער טאַקי.

עס קומט צו אַ יונגערמאַן—כמעט נאָך אַ יונגעל.

איך קוק זײ בײדען אָן. זי שמײכעלט, רױטעלט זיך און

די שוואַרצע נאַאיווע אויגען בלאָנדזשען דאָ אויף מיר, דאָ אויפ׳ן מאַן, און דער מאַן קוקט זי אָן, דולט זיך, מיט מאָדנע פאַר-שענדע אויגען, וואָס קענען באַליידיגען... משמעות, אַז ער האָט זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז ביים אַריינגיין אין שטוב, האָט זיין סימפאַטישע נאַאיווע הבר׳טע איר טרייהייט געוויזען...

קיין געלט איז מיר דאָ אויך נישט געלונגען צו געבען. איך ווער, הייסט עס, ווידער באַזיגט... דאָס יונגינקע ווייבעל האָט נאָר געבעטען, איך זאָל איר ווייזען דאָס אויסזען פון רוסישע מטבעות, זי האָט נאָך קיינמאָל נישט געזען.

ביים אַוועקגיין פרעגט זי מיך האַלב-שעמעוודיג:

—איר זענט נישט קיין איזראַעליט?

—יאָ, יאָ.

—אָבער געטראָפען!—באַמערקט זי דעם מאַן.

איך געזעגען זיך פריינטליך מיט זיי, און זיי ווינשען מיר—לעבען...

ס׳איז שוין גוט פינסטערליך. דער עולם האָט זיך שוין גע-נומען איינלייגען אין די כּאַלאַטקעס ביי די שייערען.

—פלוצלונג

—רו—זש—יאָ!!

די דאָזיגע קאָמאַנדע איז געגעבען געוואָרען דורכ׳ן פעלד-פעבעל, וואָס איז פון ערגעץ שנעל אָנגעקומען.

—בלויז די ביקסען און פּאַטראָנעס!

און באַלד דערויף:

—שנעל זיך אויסטראָיען!

די זאַך איז געווען זעהר אומדערוואַרט, כאָטש מען האָט געוואוסט, אַז סוף-כּל-סוף מוז עס דאָך קומען דערצו; אָבער איצט אין דאָרף, וואו מ׳האָט אָפּגעגעסען און געפילט זיך גאַנץ רוהיג און שלאָפען זיך געקליבען—האָט עס איבערראַשט. דאָס „באַגע-געניש" האָט מען זיך גאָר פאָרגעשטעלט אויף אַ פעלד, אין מי-טען גיין.—

—שנעל! שנעל!

די באַוועגונגען זענען קאָנוואולסיוו, דאָס האַרץ שלאָגט אומרוהיגער און די טריט איילען זיך. באַגעגענט מען אַ פּאַרקאַן, וואַרפט מען אים אום און מ׳גייט גלייך פאָרויס. און נישט קיין ווילען האָט עס געהערשט מיט די מענשען, נאָר די בלויזע איינבילדונג פון דער אומפאַרמיידליכקייט. אין פינף מינוט איז מען שוין געווען אין מיטען דאָרף, אויף אַ פרייען פלאַץ. פון אַלע זייטען האָבען זיך שנעל געצויגען די ראָטעס און זיך צושאָטען אין קייט הינטער די הייזער אויף די פעלדער. אונזער ראָטע איז דאַן געווען ביי דער פאָן און מיר זענען געבליבען מיט איר אין דאָרף. אומבאַמערקט, נעבען אַ פּאַרקאַן, איז מען געלעגען צולייגט אויף דער ערד און דאָס געהער האָט זיך אומרוהיג צוגעהערט צו יעדער באַוועגונג. נישט ווייט פון אונז האָט מען אויסגעשטעלט עטליכע האַרמאַטען און געוואַרט אויף אַ באַפעל צום שיסען.

וואָס טוט זיך איצט אויפ׳ן פעלד, הינטערן דאָרף?...
מאָדנע בילדער מאָלען זיך פאַר די אויגען...

—אָבער פאַרוואָס הערט מען נישט שיסענדיג? פריער, זאָגט מען, האָט זיך יאָ געהערט.

ס׳האָט געדויערט אַ שעה צייט און די ראָטעס האָבען נאָכדעם צוריק גענומען אָנקומען אין דאָרף: ס׳ווייזט זיך אַרויס, אַז ס׳איז געווען נישט מער ווי אַ פיינדליכע מחנה פון אויסשפירער, און בלויז אַ קליינע שיסעריי איז ערגעץ פאָרגעקומען.

אונזערע אויסשפירער האָבען מיט זיך געבראַכט צו פירען צוויי פאַרוואונדעטע חברים, איינעם שווער.

—סאַניטאַרען!

באַלד האָבען זיך אַ לאָז-געטון פון אַלע זייטען סאַניטאַרען מיט זייערע מעדיקאַמענטען. ס׳איז צוגעקומען כמעט דער גאַנצער פערסאָנאַל פון אָקאָלאָדאָק, און אפילו דער אַרצט איז אויך צוגעגאַנגען. אַזאַ אויפמערקזאַמקייט האָבען געקאָנט פאַרדינען נאָר די ערשטע פאַרוואונדעטע.

גליקליכע פאַרוואונדעטע!

— צוריק, צוריק אין די פּאַלאַטקעס!

— אַ סברא, אַז מאָרגענדיגער טאָג וועט זיכער געבען נייס — באַמערקט מיין שכן אין דער ריי, אַ ייד.

ער שמייכעלט אומעטיג און ציט אויס אַ לאַנגען זיפץ:

— אָכ-כאָ-כאָ...

— וואָס זיפצט איר? — פרעג איך.

איך זע, אַז ער וואָלט געוואָלט עפּעס ריידען, זאָגען; ער האָט אָבער קיין ווערטער נישט. בכלל איז ער זייער אַ טעמפּער פּאַרשוין. קליינע, גרויע, גאָרנישט זאָגענדיגע אויגעלעך. אַ דאַר צונויפגעקוועטשט פּנים. אַ שמאָלע אויסגעקריילעכטע שאַרפע נאָז, אויך פול מיט פּאָקן-גריבעלעך. אין דער היים איז ער געווען אַפּנים אַ פערד-הענדלער. שרייבען האָט ער נישט געקאָנט. אין זיינע אַלע פּאַפּי-רען איז ער געשטאַנען „ניעגראַמאָטני". אין ראָטע און אין „פּאָ-כאָד" בין איך תמיד געווען זיין בריוו-שרייבער. ביים שרייבען פלעגט ער מיר כסדר דיקטירען שקרים, אַז מיט אים איז כלומרשט געשעען משונה'דיגע זאַכען.

— צו וואָס דאַרפט איר עס? — פלעג איך פרעגען.

— וואָס אַרט אייך, שרייבט, איך בעט אייך, כ'דאַרף עס האָבען..

מילא, פלעג איך שרייבען מעשיות נישט געשטויגען נישט געפלויגען...

אין ראָטע האָט ער אָבער געשמט פאַר אַ גוטען סאָלדאַט, פאַר אַ געהאָרזאַמען און פּינקטליכען. אַלס „באָוואָבראַניעץ" איז ער געקומען פון דערהיים אין גלאַנציגע שטיוועלעך און האָט מיטגע-בראַכט אין קעסטעל אַ גאַנצען זאַפּאַס פון שו-וואַקס און אפילו געלער פּאָמאַדע צו די קנעפּ פון שינעל און מונדיר...

— מאָלאָדיעץ!—פלעגט ער הערען אויף שריט און טריט. און שטענדיג, בעת כ'פלעג הערען מוסר פון מיינע „נאַטשאַלסטוואָ", פלעגט מען מיר אים שטעלען אַלס מוסטער. — אַן אמת'ער סאָלדאַט מיט אַלע „פּיטשעווקעס"...

אין „פּאָכאָד" איז ער כסדר געווען מיין שכן אין דער ריי. און ריידענדיג מיט אים, פלעגט מען זיך מוזען גייסטיג אַראָפּבויגען, באַנוצען די עלעמענטאַרסטע וואָרט-מיטלען, ווי בעת מען רעדט מיט אַ קינד...

## V

געוועקט האָט מען זעהר פריה.

די זון האָט נאָך נישט באַוויזען אויפצוגיין און אין מזרח־זייט אין האָריזאָנט האָט זיך בלויז אַן אומבאַשטימטע ליכטיגקייט געריסען. מ'האָט זיך שנעל אָנגעטון און באַלד געהייסען זיך „סטראָיען", כאָטש אין קעסעל איז נאָך דער טיי נישט פאַרטיג געוואָרען.

לכתחילה איז מען געגאַנגען געוויינליך, נאָך יעדער שעה אַביסעל אָפּגערוט, אָבער שפּעטער איז איבערגעגעבען געוואָרען, מ'זאָל גיין ווי ווייט מעגליך שנעלער.

די זון איז אויפגעגאַנגען אַ גרויסע, אַ גליענדע און ווי צו־להכעיס האָט זי זיך שנעל געריקט העכער אויפ'ן הימעל, איבער אונזערע קעפּ און ממש געשטאָכען מיט אירע הייסע ברענענדיגע שטראַלען. דער וועג איז געווען אַ שווערער, אַ טיף־זאַמדיגער, און איבער דער גאַנצער שטרעקע, וואָס דער פאָלק האָט פאַרנומען, האָט זיך אויפגעהויבען אַ געדיכטער שטיקענדער וואָלקען שטויב. און דער דאָזיגער שטויב האָט אַריינגעדרונגען אומעטום. אין האַלז איז געווען טרוקען און שאָראָכעוואַטע; צווישען די ציין האָט געטרעשטשעט און דאָס שפּייעכץ, וואָס מען פלעגט אַלע ווײַלע מיט מאַטערניש אַרויסשפּייען, איז געווען ברוין און שוואַרץ ווי שיטערע בלאָטע... איבער'ן פּנים האָבען זיך געצויגען שנירלעך פון שמוציגען וואַסער און עס האָט געקאַפּעט פון אונטער'ן מאָרדע. אין די אויגען האָט געשטאָכען ווי מיט נאָדלען, און אַז מ'פלעגט זיי אויסרייבען מיט די שמוציגע הענט, איז נאָך פיל ערגער געווען. ס'איז ממש שווער געווען זיי צו האַלטען סיי אָפען.

סיי פאַרמאַכט. קיין אויגען האָט מען, אייגענטליך, ביי קיינעם נישט געזען, נאָר טונקעלע פלעקען פון זאַמד. די ברעמען זע־נען געווען צונויפגעגאָסען פון שטויב, און זיי האָבען אויסגעזען ווי אַ געדיכטע דיקע שפּינוועבס... די איבערהעמדלעך (גימנאַס־טיאָרקעס) זענען געווען נאַס אין שוואַרץ און צוגעקלעבט צום לייב. און כאָטש מ'האָט פאַר'ן אַרויסגיין גאָר נישט געגעסען, פונדעסטוועגען האָט זיך נאָר געפילט אַ שטאַרקער ברענענדיגער דורשט. וואו נאָר אַ ברונען, אַ טייכעל, צי עפּעס אַ שמוציגע לו־זשע, פלעגט מען עס באַפאַלען ווי די בינען. אָבער דער דורשט איז געווען אַן אומ'ברחמנות'דיגער און די אָנגענומענע באַקלאַ־זשקע. פלעגט באַלד שוין זיין אַ ליידיגע, און די צוויי געדיכטע שפּינוועבס-פלעקען — די אויגען — האָבען ווידער געזוכט אין דער זייט פון וועג, אין קאַנאַווע, און געגאַרט כאָטש אַ שיטערע בלאָ־טע... וואָרום וואָס פאַר אַ באַדייטונג האָט דאַן געקאָנט האָבען די גאַנצע היגיענע געגען אַזאַ געפערליכען דורשט!.. אפילו מ'זאָל וויסען, אַז נאָך אַזאַ מין „משקה" איז בויך-טיפוס מיט אַלע זיי־נע פאָלגען אומפאַרמיידליך—וואָלט אויך, דוכט זיך, קיינער נישט געקאָנט ביישטיין אַזאַ נסיון!... די פונקציע פון מאַרך איז ווי אינגאַנצען אָפּגעשטאָרבען. דער קאָפּ האָט זיך געהאַלטען אויף די אַקסלען ווי אַ שווערע בלייערנע משא, און דער איינציגער גע־דאַנק, וואָס האָט זיך ערגעץ-וואו געגראָבען אין מוח, איז געווען— „אַ פאַל טון אויף דער ערד!"... און ווי מחיה'דיג גוט וואָלט עס געווען! די ביקס, וואָס שניידט אַזוי דעם אַקסעל, אַ וואָרף טון אין אַ זייט; די „סקאַטקע", וואָס ציט אַרויס און זויגט אַ פּייכט־קייט פון לייב—אַראָפּ! דעם פּאַטראָנטאַש—אַראָפּ! דעם פּאַס מיט די קוילען-טעשלעך—אראָפּ! אַלץ אַראָפּ! און זיך אויסציען! אויס־ציען!... אָבער אַן „אָרדינאַרעץ", וואָס איז פון אַנטקעגען זינגע־לאָפּען אויף אַ פערד, האָט איבערגעגעבען, מ'זאָל זיך נאָך מער צואיילען... און ס'האָט זיך נישט אַזוי געפילט דאָס פּאַטאַלע, וואָס עס וואַרט ערגעץ מיט וויאָרסטען פאָרויס, ווי די גרויזאַמע פיינליכע מינוטען פון פייערדיגע שטראַלען, שווייס, דורשט, שטויב און שרעקליכע מידקייט...

מענשען האָבען אָנגעהויבען פאַלען.

אָט איינער, אַ צווייטער.

און דאָרטען?—נאָך איינער.

זונען־שלאַג!

עס ברענט מיר אויף אין קאָפּ. כ׳ווייס נישט, צי מיר וועט עס מיידען. איך פיל אָבער אויך אַ שטאַרקען בייסענדיגען ווייטאָג אין דעם לינקען ברוסט־קעסטעל און איך ווייס נישט, וואָס צו ערוואַרטען: זונען־שלאַג אָדער האַרץ־שלאַג?... די ביידלעך פון רויטען קרייץ זענען שוין אַלע איבערפולט. מ׳הייגט זיך שוין פשוט אָן די רעדער.

אויף אַ העכערן אָרט האָט זיך דער פּאָלק אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט. אין דערווייטענס נעבען אַ דאָרף האָט זיך געזען אַ געדיכטער שטויב־געבעל, און די אָפיצירען האָבען געקוקט דורך ביינאָקלען: איז עס נישט דער שונא? אָבער באַלד האָט מען געהייסען גיין ווייטער.

מיינע טריט ווערען לאַנגזאַמער און צוזאַמען מיט פיל, פיל אַנדערע גיי איך שוין אויף אַ קליינע שטרעקע פון הינטען.

איינער דערציילט, אַז נעכטען האָט דעם שונא׳ס אַ מתנה באַפאַלען אונזער אָבאָז, אָבער די „אָכראַנע” האָט „זיי” אָפּגעשלאָגען.

יענער דערציילט און איך וואונדער זיך: פון וואַנען האָט ער כח צו ריידען אין דער צייט וואָס ס׳איז אפילו שווער זיך אָנצושטריינגען אויסהערן...

פון אַנטקעגען איז אָנגעקומען אַ ביידעל מיט פאַרוואונדעטע פון קאַוואַלעריע. די הויכע רעדער פון ביידעל האָבען זיך פאַרמעלעך און שווער געגראָבען אין טיפען זאַמד.

מען פאַרשיט זיי מיט פראַגען.

—וואו זענען „זיי”?

—די פּאָזיציע איז אַ וויאָרסט 4—5 פון דאַנען.

אַביסעל ווייטער איז געלעגען אויסגעשפרייט דער קאַוואַלעריע־פּאָלק.

—שוין באַלד, שוין באַלד—האָט מען אונז נאָכגעשריען.

מיר זענען אַרויפגעקומען אויף אַ בערגיג אָרט, וואָס האָט

זיך געצויגען אין דער ווייטקייט ווי אַ פּיראַמיד. דער זאַמד איז געווען טיף און די פיס האָבען זיך לחלוטין אָפּגעזאָגט צו דינען. אין דער גאַנצער קאַנאַווע, ליינג־אויס, ליגען שוין אויסגעלייגט אָפּגעשטאַנענע, די קעפּ מאַכטלאָז פאַרוואָרפען, פיס און הענט אויסגעצויגען, און די ברוסט הויבט זיך פאַרמאַטערט אַרויף—אַראָפּ. סוף־כל־סוף טו איך אַ פאַל צווישען זיי אויפ׳ן שפּוע פון דער קאַנאַווע. און ליגענדיג דוכט מיר, אַז מיינע פיס זענען שווער ווי קלעצער און אַז איך זאָל זיי וועלען אַ ריר טון, ווייס איך נישט צי איך וואָלט געקענט. דאָס בלוט אינעווייניג זידט און קאָכט און קייכט פון איין אָרט אין אַנדערן. דער ווייטאָג אין ברוסט ווערט שטילער.—אַך, ליגען, אָט אַזוי ליגען מיט די הענט אונטערן קאָפּ!

—אָפּגערוט אַביסעל און ווייטער!

דאָס האָט געשריען דער באַטאַליאָנער, וואָס איז פאַרביי־געריטען אויף אַ פערד.

לאַנג בין איך אַזוי נישט געלעגען, כאָטש ווען אַ דאָקטאָר באַטראַכט מיך איצט, וואָלט ער מיר זיכער פאַרבאָטען זיך אויפ־צוהייבען... כ׳האָב אָנגעשטריינגט דאָס לעצטע ביסעל קרעפטען און זיך אויפגעשטעלט. געגאַנגען בין איך שוין איצט ווי אַ שכור, מיט וואַקלענדיגע טריט. און דאָס האָט גאָרנישט אויסגעוויזען אומגעוויינליך, פאַרקערט, פון די אַלע, וואָס זענען אַזוי צושפּרייט געווען איבערן וועג, איז קיינער אַנדערש נישט געגאַנגען...

ענדליך בין איך צוגעקומען צו אַ פלאַק, וואו די ראָטע איז געלעגען צולייגט ביי דער זייט וועג אויף אַ גראָז. כ׳בין צופרי־דען, וואָס כ׳האָב זיך לייגער נישט פאַרהאַלטען. גראָד האָט מען געהאַלטען אין אויסרופען איטליכען לויט׳ן צעטעל און ווער ס׳איז נישט געווען, איז פאַרנאָטירט געוואָרען. די יודישע נעמען האָט דער „וואָדנער" אונטערגעשטראָכען מיט אַ באַזונדער אינ־טאָנאַציע...

—פאָרוועדטס!—

דאָס האָט אויסגערופען דער פארבייפאָרענדער דיוויזיע-נאטשאַלניק.

מיר רוקען זיך ווייטער.

פון דערווייטענס האָבען זיך דערהערט עטליכע קנאַלען פון האַרמאַטען.

דער ערשטער דונער...

מיר זענען צוגעגאַנגען צו אַ פּלאַץ, וואָס האָט געהייסען „פּאָזיציע". מ'האָט זיך געהייסען צולייגען אויף דער ערד. און ליגענדיג האָבען די אָנגעשטריינגטע בליקען געקוקט פאָרויס.—צו-אַקערטע און אָפּגעשניטענע פעלדער. לינקס — שטרויכען און שי-טערע בוימלעך. וואָס ווייטער פאָרויס הויבען זיך די פעלדער אַלץ העכער און העכער: לערך אין אַ וויאָרסט פון אונז זעען זיך דעכער און בוימער פון דאָרף זשוקאָוו, וואָס ערהויבט זיך פון אַ טאָל, און דאָרט ווייטער, הינטערן דאָרף זעען זיך אויך בערגי-גע פעלדער. פונקט אַנטקעגען אונז האַלטען זיך אין איינגראָבען אונזערע האַרמאַטען, און איינציגע גיבען שוין אַרויס פון צייט צו צייט אַ גוואַלדיגען קנאַל מיט אַ ברייטען פלאַם און דיקען רויך איבער זיך.

פלוצלונג רופט איינער אויס, ווייזענדיג מיט'ן פינגער:

—איר זעט?

און אַ צווייטער האַלט אונטער:

—דאָרטען, דאָרטען!

אַלע פאַררייסען די קעפּ און נאָך שטאַרקער שטרייננגען זיך אָן די בליקען פול שטויב.

און ווירקליך! אין דערווייטענס, אויף יענער זייט דאָרף, האָט זיך באַוויזען אַ גאַנצע ברייטע שורה פון קליינע, גאָר קליי-ניקע מענשעלעך. די שורה רוקט זיך, רוקט זיך און טוט אַ פאַל. אין אַ ווײַלע אַרום הויבט זי זיך ווידער אויף, רוקט זיך, רוקט זיך נעענטער צום דאָרף און טוט ווידער אַ פאַל.

ריגען גיהנום! — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — —

...פאַרוואָס שטייט דער טאָג אויף אַן אָרט? פאַרוואָס רוקט זיך גאָר אויבען די זון נישט? פאַרוואָס ווערט שוין נישט פינס-טער? צי האָט זיך נאָר די צייט אָפּגעשטעלט?...

נעבען מיר ליגט איינער מיט אַ צולעכערטען שאַרבען. דער מאַרך שפּאַרט אַרויס פון אינעווייניג, און דער גאַנצער קערפּער װאַרפט זיך אין קאָנוואולסיע און דער האַלז כאָרכעלט און גיסט אַרויס דורכ'ן אָפענעם מויל אַ ווייסע פליסיגקייט...

פאַרוואָס שטאַרבט ער נישט?...

דער גיהנום האָט זיך געצויגען ווי אַן אומענדליכקייט. איבע-ריגענס, ווער האָט דאַן געקענט וויסען גענוי דעם טעמפּ פון דער צייט? עס האָט אָבער געמוזט דויערען. וויפיל פאַרוואונדעטע זענען שוין פאַראַן! וויפיל טויטע! די הונדערט און צוואַנציג פּאַטראָנעס שוין אויסגעגאַנגען. מ'האָט שוין גענוצט פּריש-צו-בעטראָגענע. דאָס האַרץ איז שוין געוואָרען רוהיגער, דאָס אוי-ער—צוגעוויינט צום ווילדען ליאַרם. דער קערפּער מיט'ן צולע-כערטען שאַרבען נעבען מיר האָט זיך שוין אויך נישט געוואָרפען. רוהיג איז ער זיך געלעגען; די פיס אויסגעצויגען, די הענט אין אַ זייט; דער שטערן מיט די האַלב-אָפענע אויגען פאַרריסען שאַ-שטיל. און דאָס איז אויך אַ סימן, אַז די צייט שטייט נישט אויף אַן אָרט...

עס האָט אָנגענומען אַ רעגעלמעסיגען טעמפּ. יעדע עטלי-כע מינוט פלעגען זיך דערהערען פיר קנאַלען, גלייך איינע נאָך די אַנדערע, פון פיר האַרמאַטען, און דאָס איז געווען ווי אַ מין באַגלייטונג צו דער אומאויפהערליכער גרילצעריי פון ביקסען און קולעמיאָטען.

—טאַ—טאַ טאַ—טאַ—טר—ר—ר—ר—ר,

—און

—בום! בום! בום!...

אַזוי כסדר.

מיין שכן דרייט-אויס צו מיר זיינע צושראָקענע ווילדע אויגען און באַמערקט:

—מען דאַרף אים אָפּשלעפּן פאַר די פיס. כ׳קען אויף אים נישט קוקן.

דאָס האָט ער געזאָגט וועגן דעם טויטען קערפּער, וואָס איז צווישען אונזביידען געלעגען. אָבער טון האָבן מיר עס ביידע נישט געטון.—צו וואָס?... איך האָב בלויז שטום אַ קוק געטון אויף מיין שכן, אויף זיין שוואַרצען פאַרבלאָטיגטען פּנים און טוליענדיג זיך פעסטער צו דער ערד געקלערט, אַז איך מוז אויך האָבען אָזאַ אויסזען...

ווי גיכטיגע פליגען האָבען געשטאָכען אין מח אָפּגעריסע-נע געדאַנקען... וועט זיך איין שטיקעל בליי נישט אַ לאָז-טון אַביסעל נידעריגער? איין ביסעלע נידעריגער... בלויז אויף עטלי-כע סענטימעטער... און דאַן... ווי דער, וואָס נעבען מיר מיט׳ן צולעכערטען שאַרבען און האַלב-אָפענע פאַרגלאָצטע אויגען... ער איז דאָך אויך געלעגען נעבען מיר, אויף דער זעלבער הויכקייט און דאָך... בלויז אויף עטליכע סענטימעטער נידעריגער...

און מאָדנע אומאַנגענעם האָט ווי געקיצעלט אין שאַרבען, גלייך ווי עמיצער וואָלט געשטאַנען פונקט אַנטקעגען, גאָר נאָענט און זיך געצילט אין אים, און ס׳איז קיין צווייפעל נישטאָ, אַז אָט-אָט וועט אַ קנאַק טון...

אין די אויגען איז פינסטער געוואָרען און ס׳האָט געשווינ-דעלט, געמישט אַ בלענדענדער כאַאָס...

...ווי וועט עס זיין?... וועט עס בלויז אַ פּיק טון און אַלץ וועט מיטאַמאָל פאַרשווינדען?... קיין באַוואוסטזיין?... גאָרנישט?.. גאָר-נישט?... אָדער עס וועט דויערן?... עס וועט זיך ציען אַ שניידענ-דער ווייטאָג?... דער מאַרך וועט נאָך אימשטאַנד זיין עטוואָס צו טראַכטען און די אויגען וועלען נאָך קאָנען זען אויבען דעם הימעל? — — ... ווי וועט עס זיין?...

...בלויז אויף עטליכע סענטימעטער נידעריגער...

...איך ציה אַרויס דאָס רידעלע פון ציכאָל און גראָב פאָרויס, נישט אויפהויבענדיג דעם קאָפּ. איך שיט אַזוי אַרויס עטליכע רידלען ערד, און אין דאָס אויסגעגראָבענע גריבעל לאָז איך דעם קאָפּ אַרונטער. אַזוי טוען אַ סך, ווער ס׳האָט אַ ווײלע נישט געשאָסען.—

קיל איז די ערד און פייכט. עס דריקט זיך צו איר אין דער פינסטער דער הייסער גליענדער שטערן, און גראָבט זיך ווי אַ חיה, וואָס זוכט אין געפאַר אַ באַהעלטעניש...

פון הינטען האָט מען ווידער אויסגעשריען:

—אויף פופציג טריט פאָרווערטס!

קיין סך האָט מען שוין איצט נישט באַדאַרפט איבער׳חזר׳ן—אַלע האָבען זיך ווי עלעקטריזירטע אַ הויב-געטון פון אָרט און זיך געלאָזען מיט די גאַנצע כחות. אין האַרצען און אין די שליי-פען האָט דאָס בלוט געזעצט ווי מיט האַמערס און פאַר די אוי-ערן האָט שנעל-שנעל געזשומט:

—זשיק! זשיק! זשיק! זשיק!

אינסטינקטיוו בויגט זיך אָפּ דער קאָפּ רעכטס און לינקס, גלייך ווי דערמיט וואָלט מען קענען אויסמיידען דאָס שטיקעל בליי, וואָס טראָגט מיט זיך דעם טויט... די לינקע האַנט האַלט פעסט אָנגעשטעלט דאָס רידעלע געגען שטערן און דאָס פיינלי-כע קיצלען שפירט זיך שטאַרק אין ברוסט: אָט-אָט וועט עס דורכלעכערן אַ קויל מיט אַ גלאַטען און גליטשיגען „זש—י־ — זשיק“ דורך פלייש און בלוט — — — —

—זשיק! זשיק! זשיק!...

ווי ס׳רעגענט!... ווי געדיכט!...

אָט — — אָט פאַל איך — — —

טויט — — — טויט — — — —

—זשיק! זשיק! זשיק!
—סאַני—טאַ—אַר!...
—אָ, ג—אָ—אָ—ט!...

מיר ליגען ווידער אויף אַן אָרט. דאָ איז נאָך געפערלי־כער ווי דאָרט. עס זשומט האַרט איבער׳ן קאָפּ.

איך וואַרף אַ בליק אין דער זייט—שיטער געוואָרען!... עס פעלען שוין אַ סך...

איך וואונדער מיך ווי אַזוי בין איך פריער דורכגעלאָפען גאַנץ?... ס׳אַרא האָגעל!...

פון הינטען האָט מען אויסגערופען:
—„זיי" לויפען צו אונז!

דער קאָפּ האָט זיך דערשראָקען אַ הויב - געטון און די אויגען האָבען דערזען: איבער דער גאַנצער לייִנג פון דאָרף וויק־לען זיך געדיכטע וואָלקענס רויך און פלאַמען, און אונטען, פון איין זייט דאָרף, רוקען זיך גאַנצע שורות מענשען, געדיכט, איי־נע נעבען די אַנדערע. שנעל־שנעל רוקען זיי זיך נענטער, צו אונז, און איינגעבויגענערהייט און וואַקלענדיגע, מיט די ראַנצען אויף די פּלייצעס זעען זיי אויס ווי אָנגעלאָדענע קעמלען.

—פייער! פייער!

געגרילצט האָבען די פולעמיאָטען און געראַשט די ביקסען. פון ערגעץ וואו פון הינטען האָבען די האַרמאַטען געדונערט. אָט־אָט זעט זיך, ווי אַ שראַפּנעל האָט זיך פּונקט איבער דייער קאָלאָנע אויפגעריסען און אַ גאַנצער הויפען מענשען איז אַ פאַל געטון אויף דער ערד...

„זיי" זענען שוין נאָנט פון אונז. אָט גאָר נישט ווייט האָבען זיי זיך אַ לייג-געטון. זיי רייסען זיך פון אַנטקעגען און פון לינקס, פון פליגעל, און פון ביידע זייטען שיט זיך אויף אונז דער האָגעל.

וואָס וועט דאָ באַלד פּאַרקומען? — — —
זיי לויפן נענטער, נענטער — — —
—פייער; פייער! פייער!...
—סאַ—ני—טאַ—אַר!...
—ג—אָ—ט!...

פון הינטען זענען אונז אָנגעקומען צו הילף גאַנצע פרישע קאָלאָנעס און „זיי״ זענען שפּעטער אַביסעל געלאָפן נישט צו אונז, נאָר צוריק. מ׳האָט דייטליך געזען, ווי אַנדערע האָבען פון זיך די ראַנצען אַראָפּגעוואָרפען, כדי זיי זאָל גרינגער זיין צו לויפן, און זייערע לייכטע „טשערעוויקעס״ (שיך) האָבען זיך שנעל געהויבען. אַנדערע זענען לויפענדיג אומגעפאַלען — ווייזט־אויס, דורך אַ קויל געטראָפען. פון אונזער זייט האָט מען כסדר געשאָסען, נאָכגעלאָפען און געשאָסען, און „זיי״, די אַנטלויפענ־דע, זענען באַלד צוריק באַהאַלטען געוואָרען הינטער׳ן פלאַמענ־דיגען דאָרף.

פון אַנטקעגען האָט מען כמעט ווי אויפגעהערט צו שיסען.

...מיר טרעטען שוין אויף פעלדער, וואו עס ליגען זייערע הרוגים. אַלע טויטע ליגען אין דער גאַנצער אַמוניציע, אַנדערע מיט אַראָפּגעפאַלענע היטלען. אָט איינער, אַ צווייטער, אַ דריטער. פריש־דער׳הרג׳עטע. דוכט זיך, זיי לעבען נאָך.

יעדער קוקט זיך צו צו די טויטע מיט נייגעריגע בליקען. אַן אַנדערער בויגט זיך אַריבער איבער אַ טויטען, הויבט אויף זיין ביקס און באַטראַכט זי. איבער׳ן פעלד וואַלגערן זיך אומעטום צעוואָרפענע ראַנצען, ביקסען, געלע שיך, בלויע שינעלען און נאָך פיל אַנדערע זאַכען.

פאַר מיר לויפט איינער פון אונזערע. דערזעענדיג פאַר זיך אַ טויטען, הויבט ער אויף די ביקס אין דער הויך און מיט אַ רוסיש זידעלוואָרט לאָזט ער אים אַריין מיט די גאַנצע כחות דעם

שטיק אין ברוסט... די ביינער ביים טויטען האָבען בעת־מעשה אַ טרעשטשע געטון: בר—ר—ר!... אָבער דער דער׳הרג׳עטער האָט זיך דערפון קיין ריר נישט געטון. ווי פריער איז ער זיך רוהיג און גלייכגילטיג געלעגען, דעם ראַנעץ אונטער זיך; דאָס פּנים פאַרריסען אַרויף צום הימעל, די פיס אויסגעצויגען און אַביסעל פונאַנדערגעפירט; די ברעמען פון די טויטע אָפענע אויגען האָבען קיין ציטער נישט געטון...

ווי שוידערליך האָט מיך דורכגענומען די דאָזיגע גלייכגילטיגקייט פון טויט!...

—אי—די—אָט!—

צו מיר האָט זיך אויסגעדרייט אַ פאַרשמוצטער בלאָטיגער פּנים און ווילדע אומזיניגע אויגען:

—ער לעבט!

— — — — — — — — — — — —

בר—ר—ר!... אַ טרעשטש פון די ביינער—און שטיל, קיין ריר .. אָ, גרויזאַמע רוהיגקייט! — — —

איך קום אין אַ קליינעם וועלדעל, אויף אַ באַרג. עס דרייען זיך אום הין און הער מענשען פון פאַרשיידענע פאָלקען. אין אַ ווינקעל, האָט מען פון דאָרט דערזען, רוקט זיך אַן אָפּטיילונג פון שונא, און אַלע ווילע פלעגט פון דאָרט אַ פייף־טון אַ קויל.

—אַהער אַ פּולעמיאָט!

דער קליינער עולם האָט זיך אין דער נידער אין אַ קאַנאַווע אַראָפּגעלאָזט, עטליכע זאַלפען אַרויסגעלאָזט, און אין דערווייטענס האָט זיך שוין באַלד קיינער נישט געזען. בלויז איין איינציגער קנויל האָט זיך לאַנגזאַם געקייקעלט אויף אַרויף באַרג, וואַרשיינליך אַ פאַרוואונדעטער.

אין דער זעלבער קאַנאַווע זענען געלעגען עטליכע שווער־פאַרוואונדעטע פון שונא און איינער פון אונזערע. צו איינעם פון זיי איז פּלוצלונג צוגעלאָפען אַ סאָלדאַט און פון דער הויך אין אים אויסגעשאָסען...

אַלעמען אַ ? קאַנאַווע האָט עס אויפגערעגט
—וואָס טוסטו, באָלוואַן!
—אַן אָפּיציר! ער לעבט נאָך!
מ׳האָט אים באַלד באַשטראָפט: אין „באַקלאַזשקע״ האָט פֿאַר נאָך געהאַט אַביסעל וואַסער, האָט מען אים געצוואונגען ער זאָל זיך אָנבויגען איבער אַ פֿאַרוואונדעטען עסטרייכער און עס אים געבען אויסטרינקען. נאָכדעם האָט ער זיך שווייגענדיג צוגעקוקט צו זיין קרבן און אַליין זיין שולד דערפילט...
—כ׳האָב נישט געוואוסט,— האָט ער געשטאַמעלט,— כ׳האָב געמיינט...
נאָר מיט וואָס צו ענדיגען האָט ער נישט געהאַט. ער האָט זיך דערנענטערט צום אָפּיציר, האָט אים טיפער אָנגעקוקט, אָבער יענער האָט זיך מאָדנע אויפגעקאָרטשעט מיט די קני צום בויך, דאָס געזיכט צוגעדריקט צו דער ערד, און ווער ווייסט מיט וואָס פֿאַר אַ קללה איז ער פֿאַרגליווערט געוואָרען — — —

נעבען מיר איז געלעגען איינער אויפ׳ן פּלייצע, דעם קאָפּ פֿאַרריסען און האָט שווער געאָטעמט. איך בין צוגעגאַנגען צו אים און אויפגעהויבען זיין היטעל, וואָס האָט זיך באַ זיין קאָפּ געוואַלגערט, און געזוכט אינעווייניג אַן אָנשריפט. דער פֿאַרוואונדעטער האָט אודאי געמיינט, אַז איך קלייב זיך אויך אים־שלעכטס טון, און פֿאַררייסענדיג דעם קאָפּ נאָך העכער, האָט ער אויסגעשטעלט אויף מיר אַ פּאָר גרויסע בעטענדע אויגען, וואָס כ׳וועל קיינמאָל, קיינמאָל נישט פֿאַרגעסען... כ׳האָב זיך בעת־מעשה דערפילט אַזוי אָפּהענגיג! אין וואָס איז ער מיך חושד, אָט דער האַלב־טויטער, וואָס נאָר די אויגען זיינע, די שטומע בלויע אויגען, האָבען זיך לאַנגזאַם צו מיר אויסגעדרייט און אַזוי שטיין געבליבען ווי פֿאַרגליווערטע!... כ׳האָב אַראָפּגעלאָזט זיין היטעל, אַ לייג־געטון אין אַ זייט די ביקס און, זיך אָנבויגענדיג איבער אים, גענומען אים באַרהיגען מערער מיט האַנט־באַוועגונגען און מימיק. און געוואָלט האָט זיך אים זאָגען פריינדליך, גאָר פריינד־

ליך: „צי דען דערקענסטו נישט, אַז איך וועל דיר קיין זאַך נישט טון? האָסט אודאי געמיינט, אַז איך גיי אין דיר אויסשיסען, ווי יענער, אָדער גאָר מיט׳ן שטיק... כאַ־כאַ״...

אַזוי האָב איך צו אים אין געדאַנק גערעדט און ער איז געלעגען שטום אָהן ווערטער און, ווייזט-אויס, יאָ פאַרשטאַנען אַביסעל, אַז זיין השד איז אַן אומזיסטער.

איך פרוב אים שטעלען אַ פראַגע—ער ענטפערט נישט. ער באַוועגט נאָר לייכט מיט׳ן קאָפּ און מיט אַ האַנט גיט ער אַ חאַפּ צום בויך, וואָס איז געווען פונאַנדערגעשפּיליעט און אַרומגעוויקעלט מיט אַ באַנדאַזש שוין דורכגענעצט און רויט פון בלוט...

איך ווייז אים מיט האַנט-באַוועגונגען: באַלד... באַלד... סאַניטאַרען... אַוועקפירען... דאָרט... דאָרט... רוסלאַנד... היילען... היילען...

זיינע אויגען זענען געוואָרען גלאַנציגער, גלייך ווי אַ טרייסט וואָלט אין זיי אויפגעשיינט.

איך לאָז אים איבער און גיי צו צום רוסישען, וואָס ליגט אָהן סימנים פון לעבען.

—לאָמיר אים אַראָפּציען די זאַכען און איבערבינדען,—זאָגט איינער,—דוכט זיך, ער לעבט.

מען הויבט אים אויף צוזאַמען פון קאַנאַווע אין דער הויך, און ער גיט טאַקי אַ כאָרכעל מיט׳ן האַלז: לעבט. מען נעמט אים אַראָפּציען די זאַכען—בלוט און בלוט. אין סאַמע בויך. מען באַווייזט אים אָבער נישט איבערבינדען: נאָך אַ פּאָר גסיסה־כאָרכלען מיט׳ן האַלז, אַ קראַמפּהאַפּטען וואָרף מיט די פיס—און אייביגע רוה!...

איך שפּאַר זיך אָן אינעווייניג אין קאַנאַווע אָן ביקס און פּאַררייס דעם קאָפּ אין דער הויך.—הייסט עס געענדיגט—און איך לעב?...

ס׳איז שוין פאַרנאַכט. די זון איז שוין נישטאָ. ווען איז זי פאַרגאַנגען?—טונקעל, קיל.

וואָס איז דאָ פאָרגעקומען?...

עך—מאַ, איך לעב...

ס'איז שוין כמעט שטיל. זעלטען נאָר דערהערט זיך אַן איינציגער קנאַל פון אַ ביקס און אין דער לופט גיט אַ פייף אַ פאַרשפּעטיגטע קויל. אַנטקעגען וויקלען זיך גרויסע פייערדיגע צונגען איבער'ן ברענענדיגען דאָרף. און אַזוי שטיל גייט עס דאָרט צו. קיינער וויינט נישט, קיינער שרייט נישט. אַז עס ברענט —ברענט עס, גלייך ווי נישט קיין מענשען וואָלטען דאָרט פריער געוואוינט, נאָר דאָס פלאַקערען עס גרויסע אומגעלומפּערטע נאָ-רעס פון חיות אין דער וויסטעניש...

די לופט איז פריש, קיל. עס אָטעמט זיך לייכט. די לונ-גען ציען, זויגען אין זיך מיט דורשט.

ווי שוואַרץ זענען מיינע הענט, ווי בלאָטיג! ווי שמוציג און איינגעמאַכט זענען מיינע זאַכען! וויפיל שטויב אין די האָר, אין מויל, עס טרעשטשעט דער זאַמד אין די ציין—טפו! און מיין פּנים?—איך פיר דורך מיין טאַשען-טיכעל איבער אים, און דאָס טאַשען-טיכעל ווערט אינגאַנצען בלאָטיג... געגעסען האָב איך דאָך אויך אַ גאַנצען טאָג גאָרנישט—פאַרוואָס הונגערט מיך נישט? נאָר טרינקען, טרינקען, טרינקען.

וואָס איז דאָ, אייגענטליך, פאָרגעקומען? — — — —

—ווער איז דאָ פון אַרכאַנגעלאָגאָראָדסקי פּאָלק?—האָט גע-פרעגט אַ צוקומענדער אָפיציר. — קאָמיר גיין אַהין, אויף יענער זייט דאָרף, דאָרט מוז מען זיך אודאי אויפקלייבען.

מיר לאָזען זיך גיין. אויפ'ן וועג וואַלגערן זיך טויטע און פאַרוואונדעטע. די פאַרוואונדעטע קרעכצען, בעטען זיך און ציען הילפלאָז מיט די הענט...

מיר גייען דורך דאָס ברענענדיגע דאָרף.

אַ שוידערליך בילד:

פון אַנדערע הייזער איז שוין קיין זכר נישט געבליבען. בלויז בערגלעך מיט גליענדיגע קוילען און ערטערווייז נאָך אויפ-וואַקלענדע פלאַמען. אַנדערע גרעסערע געביידעס האַלטען נאָך אין סאַמע ברענען און דער גאַנצער טונקעלער הימעל איבערן דאָרף איז פאַרצויגען מיט אַ דיקען פייערדיגען נעבעל. עס טרעשטשען און קנאַקען די פונקען און וויקלען זיך אין דער לופטען ווי-

גליענדיגע שלאַנגען, קיין מענשען איז כמעט נישט צו זעען, בלויז וואו-נישט-וואו ווייזט זיך אַ שאָטען פון אַ לעבעדיגען. אָט שטייט אַן אַלטיטשקע נעבען אַ דער׳הרג׳עטע בהמה און וויינט אין דער שטיל. אַביסעל ווייטער נעבען אַ ציגעל־הויז זעט זיך אַ פרוי מיט צופלאָסענע האָר, נעבען איר עטליכע קליינע קינדער. אַ גאַנצען טאָג, ווייזט אויס, געלעגען באַהאַלטען ערגעץ אין אַ קעלער און איצט שטייט מען און מען קוקט זיך צו ווי עס ברענען די אייגענע פיר ווינקעלעך... און מערקווירדיג! אַלע שטיקען זיך און כליפען אין זיך, גלייך ווי זיי וואָלטען מורא האָבען צוריסצעווייזען זייער פאַרביטערט האַרץ...

מיר גייען דורך אַ רויט-באַלויכטענע לאַנגע ברוקירטע גאַס און קומען אַרויס אין עק דאָרף. אין אַ קאַנאַווע פליסט אַ שמאָל קלאָר וואַסער—מיר פאַלען צו און קוויקען זיך.

מיר קומען נאָכדעם אַרויס אויף יענער זייט אויף אַ באַרג.

—אָט זענען זייערע „שאַנצען“: אַ לאַנגע אויסגעגראָבענע קאַנאַווע, פון דאַנען האָבען זיי עס גערעגענט און געהאָגעלט מיט פייער. אינעווייניג וואַלגערן זיך גילזען פון פאַטראָנעס, רידעלעך, קוילען-טעשלעך, ראַנצען, צושאָטענע שטיקלעך צוקער.

מיר געפינען אַ קליינע גרופע „אונזערע“, צווישען זיי אַ געפאַנגענער מיט אַ וואונד אין האַנט. קיינער קען זיך מיט אים נישט אויפריידען, נאָר איינער אַ יוד פרובט צו אים „שפרעכען דייטש“ און יענער גיט טאַקי לשון...

—נו, וואָס, וואָס רעדט ער?—פרעגען אַלע נייגעריג דעם יודען, גלייך ווי זיי וואָלטען פון אים עפעס אַ ישועה געוואַרט...

עס קומט-צו דער פעלדפעבעל פון אונזער ראָטע.—ער פאַרשאַרצט דעם אַרבעל און ווייזט אַ מאַרלע-בינד: איז לייכט פאַרוואונדעט און פון „סטראָי“ נישט אַוועק. ער רעכענט אויס אַ גאַנצע ריי פון דער׳הרג׳עטע און פאַרוואונדעטע פון אונזער ראָטע.

—נו, וואָס איז דער פועל-יוצא? — פרעגט איינער גאַנץ תמימות׳דיג.

—פועל-יוצא? — ענטפערט דער פאָדפראַפּאָרשטשיק, — וואָס ווילסטו? אָט ליגען מיר אויף זייער „פאָזיציע“.

—נו, איז וואָס?
—איז גאָרנישט.
—כ'מיין, וואָס וועט מאָרגען זיין?...
—מאָרגען? נאָך פאַראַן גענוג לעבעדיגע...
איינער פאָרעט זיך ביי אַ געפונענעם ראַנעץ און נעמט אַרויס פון דאָרט אַ גאַנצען זעקעלע מיט צוויבאַק און צוקער און דער קליינער עולם נעמט זיך קייען.
—הע, ס'אַראַ זיסע סוכאַרעס ביי זיי. איר זעט, ווייסנקע, פירקאַנטיגע, מיט קליינינקע לעכעלעך—גאָר פריציש!
—פרובט עס עסען מיט וואַסער—לייגט איינער פאָר—ס'איז נאָך בעסער פון וויין!
אַביסעל שפּעטער לייגט פאָר דער פּראָפּאָרשטשיק:
—לאָמיר גיין זוכען דעם פּאָלק.
מיר לאָזען זיך גיין צוריק דורכ'ן דאָרף. דאָס פייער וויל־דעוועט נאָך אַלץ און וואַרפט גרויסע רויטע צונגען. אונטען ווי־קעלט זיך אַ רויך. עס שטיקט אין האַלז.
אויף די פעלדער איז פינסטער, קוים וואָס מען זעט אַ טריט פאָרויס. ס'אַראַ אומעטיגע און שטילע נאַכט. ווער ווייסט וואָס אונטער אירע טויטע אומבאַוועגליכע שוואַרצע פליגעל ליגט פאַרבאָרגען?.. מיר בלאָנדזשען איבער פעלדער. גייען רעכטס, לינקס, פאָרויס און אפילו צוריק אויך. פינסטער, חושך. זעלטען דערהערט זיך פון ערגעץ אַ טויבער קנאַל פון אַ ביקס.
—דאָס שיסען אודאי פאַרוואונדעטע מ'זאָל זיי קומען צו־בעמען.

ערטערווייז שלאָגען מיר זיך פשוט אָן מיט די טריט אָן טויטע קערפּערס און אינעווייניג גיט עפּעס אַ שוידער, וואו־נישט־וואו געפינען מיר שווער פאַרוואונדעטע. איינזאַם און אַליין לי־גען זיי איבערגעדעקט מיט די שינעלען, ציטערן פון קעלט און קרעכצען. אַנדערע דעקען מיר איין בעסער און זאָגען זיי צו צו שיקען נאָך זיי סאַניטאַרען.
פאַרמאַטערטע זעצען מי' זיך צָפרוען. אין דערווייטענס

זעט זיך אַ פייער פון אַ קאָסטער. נאָר אפשר איז עס אַמאָל „זייַער“.

עס דערהערען זיך שטימען.

איין שטים רופט-אויס דעם נאָמען פון פּאָלק און די צווייטע ענטפערט: „אַהער! אַהער!“ און מאָדנע שווער דריקט די שטילקייט נאָך יעדער ווייטען אויסגעשריי. נאָך אימה׳דיגער ווייזט אויס דאָס פינסטערניש, וואָס איז אָנגעזאָפּט מיט זיפצען, גסיסה און טויט...

איינער פון אונז הויבט זיך אויף און שרייט אויס אויף אַ מסוכנ׳עם קול:

—אַרכאַנגעלאָגאָראָדסקי פּאָלק!

און פון דערווייטענס ענטפערט עמיצער:

—אַהער! אַהער!

מיר לאָזען זיך גיין נאָך דער ריכטונג פון קול. אָבער בוגעקומען זענען מיר גאָר צו עטליכע פאַרוואונדעטע...

ערשט שפּעט אין דער נאַכט האָבען מיר געטראָפען אויף אַ פעלד אונזערע סאַניטאַרען מיט בײדלעך און „נאָסילקעס“. מיט לאַמטערנעס זענען זיי אומגעגאַנגען און געזוכט די בווייטע פאַרוואונדעטע. דאָ זענען מיר געוואָר געוואָרען, אַז נישט ווייט ביי אַ קליין דערפעל קלייבט מען זיך צונויף.

ענדליך געקומען. בהייסען שיטערע בוימלעך, הינטער די הייזער—דאָרט זענען שוין געלעגען מענשען פאַרמאַטערטע, אויפגעדרייטע און אויפגעקאָרטשעטע אונטער די שינעלען און געשלאָפען. ווער ווייסט, וואָס זיי האָט זיך איצט געקאָנט חלום׳ען?...

איך האָב שוין געהאַט געזוכט אַן אָרט צו לייגען זיך, נאָר עמיץ האָט מיין נאָמען אויסגערופען. איך ביי-צו—אַ באַקאַנטער סאַניטאַר.

—אַך, איר זענט עס! — שרייט ער אויס מיט אַנגענעמער איבערראַשונג.

ווייזט-זיך אַרויס, אַז מ׳האָט אים איבערגעגעבען, דאָס מ׳האָט מיך דער׳הרג׳עט... און ער זוכט מיך שוין אום אַ היבשע צייט, כדי זיך צו איבערצייגען אין דעם.



בײַם גאַליציאַנער יוד (צום קאַפּיטל IV ז. 27)

איך שטייען אַזוי אַ היבשע ווײלע אין דער פינסטערניש און הערען זיך צו צו די קרעכצען פון די פאַרוואונדעטע, וואָס מ׳טראָגט פאַרביי. אַלס סאַניטאַר רעכענט ער מיר אויס, וויפיל איבערבינדונגען ער האָט שוין היינט געמאַכט. ווער ס׳איז דערהרג׳עט, ווער פאַרוואונדעט. וועמען ס׳האָט געטראָפען אין האַרצען, וועמען אין ברוסט, אין קאָפּ; וועמען איין קויל, וועמען צוויי, דריי...

ער רעכענט און רעכענט — אַ גאַנצער רייסטער, אַ שרעקליכער, אַ בלוטיגער! אַפנים, ס׳האָט זיך אים גוט אין זכרון איינגעשניטען..

— נו, גאָט צו דאַנקען, וואָס עס האָט זיך אַרויסגעוויזען פאַר אַ ליגען...

דאָס זאָגט מיר מיין באַקאַנטער ביים געזעגענען אָנשטאָט „אַ גוטע נאַכט”...

איך זוך אויס עפּעס אַן אָרט אונטער אַ בוים און פאַל אַנידער. די ברעמען קלעבען זיך צו און עס פּלאָנטערט מיך איין אין עפּעס אַ ווילד קאָשמאַר... איך ווייס נישט וויפיל כ׳בין אַזוי געשלאָפען; אפשר מינוטען און אפשר שעה׳ען. — פּלוצלונג רייסט מיך עמיץ־אויף:

— שטיי-אויף!

איך דערקען דער קאַשעוואַר.

— אָביעדו! — זאָגט ער.

— צו אַלדי רוחות!

ס׳איז נאָך פינסטער, חושך. פון דער זייט הערט זיך אַ בהתמדה׳דיג זופען פון די, וואָס זענען אפילו אין מיטען נאַכט נישט פויל אויף דער אכילה...

ווי ווילד, ווי אומגעלומפּערט זעט עס אַלץ אויס. ווי פּיינליך! איך נודע זיך איין אין שינעל און וואַרט ווידער אויפצושלאָפן, וואָס זאָל מיך פון דאַנען אַוועקטראָגען...

— — — — — — — — — — — —

## VI

אין דערפריה האָבּען די האַרמאַטען באַגריסט דעם נײַ־געבּוירענעם טאָג. אונז אָבער לאָזט מען ליגען שפּעט אויפ׳ן פריה־מאָרגען. די פאָדערשטע ליניעס פאַרנעמען איצט אַנדערע און מיר רעכענען זיך אין רעזערוו.

די ציפער פון די אַרויסגעשלאָגענע מענשען פון אונזער ראָטע דערגרייכט ביז פופציג: דער׳הרג׳עטע און פאַרוואונדעטע —בלויז פאַר זיבען שעה!

דער עולם ליגט צוליגט פאָרוויז, גרופּענווייז און מען שמועסט וועגען פאַרגאַנגענעם טאָג. איינער ווייזט לעכלעך אין שינעל: דאָס האָט אַ קויל דורכגעלעכערט די „סקאַטקע״ אויף אים. ביי אַ צווייטען איז דער אַמוניציע־זאַק דורכגעלעכערט, ביי אַ דריטען דער שטיוועל צוצופּט.

—סיי־ווי באַמערקט איין פויער, — אַהיים ועלען מיר זיך שוין נישט אומקערען. היינט אין שינעל, אין שטיוועל,—מאָרגען...

—אייביגע רוה!...—כאַכט אונטער א צווייטער מיט אַ ביטערען שמייכעלע און גיט דערביי אַ וויז מיט דער לאַדאָן איבער דער ערד.

—שאַט, איר ווייסט? אין צעטעל פון די דער׳הרג׳עטע איז אויך פאַראַן סטעפּאַנענקאָ. ס׳אַראַ שיין ווייבעל ער האָט איבערגעלאָזט! די ערשטע אין דאָרף! ערשט אַ חודש נאָך זיין התונה...

אַזוי זיצט מען גרופּענווייז און מען רעדט.

צו מיר קומט צו אַ יוד:

—וואָס וועט זיין?

—אַ קויל אָדער אַ גראַנאַט...

—איך לאַכט זיך?

—גאַנץ ערנסט. היינט האָט אָפּגעגליקט; מאָרגען, איבער־מאָרגען? אַז עס רעגענט, מוז דאָך טרעפֿען ווען נישט איז אַ טראָפּען...

יענער ענטפֿערט נישט. ער פֿאַרשטעלט נאָר מיט'ן האַנט די אויגען און זיפֿצט פֿון שווער, און דער זיפֿץ דיינער זאָגט־אויס, אַז ער האָט בעת־מעשה אַ טראַכט־געטון: „הייסט־עס, איך וועל שטאַרבען״... נאָר מיר רירט עס אַ האָר נישט; אדרבא, איך פֿיל דערין אַ מין באַפֿרידיגונג. פֿאַרוואָס זאָל יענער יאָ האָפֿען?...

—איר האָט נישט דערין וואָס צו צווייפֿלען,—גיב איך צו, גלייך ווי דער טייוועל אַליין וואָלט אין מיר גערעדט,—אָט אַזוי ווי איר זעט, וועט פֿון אונז אַלעמען ווערען „עליו־השלום׳ס״...

יענער גייט אַוועק פֿון מיר. — גיי גלויב, איוב דו קענסט! זאָל דיר וואויל באַקומען!...

אין אַ ווײַלע אַרום גייט ער ווידער פֿאַרביי.

—איר זענט אַ באַווייבטער?—פֿרעג איך.

—יאָ, שוין אַ יאָר צייט.

—דעריבער האָט איר אַזוי שטאַרק מורא פֿאַר'ן טויט...—לאַך איך—נו, און אַ תּנאי־גט האָט איר איר געגעבען?

ער קווינקעלט אַ ווײַלע און שטאַמעלט אַרויס:

—געגעבען...

—כאַ־כאַ־כאַ,—לאַך איך מער קינסטליך ווי אמת'דיג,—איר האָט געגעבען אייער יונג ווייבעל אַ תּנאי־גט? ס'הייסט: טרויער נישט, וויין נישט, טייערע, וועסט קענען אין די אָרעמס פֿון אַ צווייטען דערטרינקען דיין צער...

ער לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ און שטומט.

—איר ווייסט, — פֿרעג איך ווייטער, — וואָס עס הייסט, אַז אַ פֿרוי נעמט פֿון מאַן אַ תּנאי־גט?

ער האָט אויפֿגעהויבען זיין טרויעריגען בליק.

—„שטאַרב געזונטערהייט!״...—זאָג איך מיט אַ באַטאָנונג.

ער איז אַוועק אָן אַ ווייט. זיין האַנט האָט זיך לאַנגזאַם צו די אויגען אויפֿגעהויבען: האָט ער נישט מיט'ן אַרבעל פֿון גימ־

נאַסטיאַרקע אַ טרער אָפּגעווישט?... סוף־כל־סוף קריג איך אויף אים רחמנות... ס׳דרירט מיך ביים געוויסען: איך בין דער גורם פון זיין טרער...

איך ליג ווידער אַליין, אָפּגעזונדערט, און הער זיך צו ווי עס דונערן ערגעץ נישט ווייט די האַרמאַטען... כאַ־כאַ, איך האָב געקלערט וועגען געוויסענס־ביסען... וואו זענען זיי? וואָס האָב איך געכטען געפילט, טרעשטשענדיג מיט׳ן „זאַטוואָר" פון ביקס? דוכט זיך, גאָרנישט, גלייך ווי די קוילען וואָלטען געפלויגען אין וואָל־קען, און אַז מיך וועט טרעפען אַ שטיקעל בליי, וועט אויך זיין דאָס אייגענע: יענער, וואָס וועט אַרויסלאָזען די קויל, ליגט איצט אפשר אויך ערגעץ אין אַ שייער און קלערט וועגען געוויסענס־ביסען... נאַרישקייטען... און אכשר... אפשר קלערען טאַקי אַלע וועגען דעם, אַלע, אַלע—און די פעלדער ווערען צוזייט מיט הונ־דערטער־טויזענטער הרוגים... מיט אומצייליגע צוריסענע יונגע לעבענס... און די ערד, די דורשטיגע ערד, טרינקט זיך אָן מיט פרישער, וואַרעמער פליסיגקייט — — — — — כאַ, כאַ. ס׳אַראַ שפּאַס: אַלע שעלטען דעם רויטען טייוועל און בוקען זיך צו אים... שעלטען—און בוקען זיך...

עס קומט־צו צו מיר מיין שכן, וואָס גייט שטענדיג ביי מיין זייט, און זאָגט מיר מיט אַ געמאַכטען שמייכעל:

—עס וואָלט געווען אַ יושר מיר זאָלען אָפּמאַכען אַזאַ מין תנאי: איך וועל אייך געבען די אַדרעס פון מיין היים און איר מיר—פון אייערע; אויב מיך פריער...

—נו, הרג׳ענען...—כאַפּ איך אונטער, וואָס אים איז שווער געווען אַרויסצוברענגען.

—יאָ, יאָ, — שאָקעלט ער מיט׳ן קאָפּ, — אויב מיך פריער, זאָלט איר מודיע זיין; אויב אייך פריער...

—הרג׳ענען...—כאַפּ איך ווידער אונטער.

—יאָ, יאָ... וועל איך שוין צו וויסען געבען...

—אַ שיינעם דאַנק, אָפּגעמאַכט!

און יענער הויבט־אָן:

—גאָרנישט... איר האָט דאָך אַ קליין נאָטיץ־ביכעל, שרייבט:

גאָראָד... שטיין־גאַס... נומער.. גאָספּאָדינו...

—פּאַרטיגז! אויסגעצייכענט!

—איז, הייסט עס, אָפּגעמאַכט,—חזר׳ט ער איבער נאָך אַ מאָל

—טאָמער וואָס, איז אַזוי און אַזוי...

—יאָ, יאָ אָפּגעמאַכט,—פאַרזיכער איך און פאַרשטאַרק אונזער אומגליקליכען תנאי:—„טאָמער וואָס, איז אַזוי און אַזוי״— —

מען הייסט רייניגען די ביקסען נאָכ׳ן געכטיגען פולווער און נאָכדעם קלייבט מען זיך איבער אין אַן אַנדער אָרט, אין אַ קליין שיטער וועלדעל. מ׳גיט פונאַנדער צו — פרישע הונדערט צוואַנציג פאַטראָנעס...

זייגער עלף לאָזט מען זיך אויף ס׳נײַ אין וועג. מען גייט פאַמעלעך און געלאַסען אויף אַ זאַמדיגען וועג און קומען אַרויף אויף דיזעלבע פעלדער, וואו מ׳איז נעכטען אומגעלאָפען אין ווילדען משוגעת... עס וואַלגערן זיך הרוגים און אַמוניציע... אָט גראָבט מען אַ לאַנגען, לאַנגען ברידער-קבר. דערבײַ ליגט שוין אויסגעלייגט אַ גאַנצע לאַנגע שורה פון טויטע, װאָס מ׳האָט פון פעלד אויפגעקליבען. אויף נאָסילקעס ברײַנגט מען זיי אַהער איינע נאָך די אַנדערע און די שורה ווערט אַלץ לייגגער, לייגגער...

אַן אַנדער ברייטער גלייכער פעלד. שורות פירקאַנטיגע גריבער—שאַנצען.—„זייערע״ פּאָזיציע. עס וואַלגערן זיך אומעטום גלעזער פון שראַפּנעלען, צוריסענע שטיקלעך מעטאַל. דאָ אַ טויטער, דאָרט אַ טויטער. אין דערזעלבער פאַרגלייווערטער פּאָזע ליגען זיי שוין פון נעכטען-אָן. טויט און שטיל. אַנדערע גייען צו צו טויטע און זוכען אין זייערע ראַנצעס, אייגער אַ גרויזין האָט שוין אַ גאַנצען פעקעל קראָנען און אַ זילבערנעם טאַשען-זייגער: אַ טויטען די קעשענעס אויסגעקערט...

עמיץ שלעפּט אַרויס פון אַ ראַנעץ אַ זעקעלע טאַבאַק—די ברעסטע תאוה—און רוקט עס אַריין אין בוזעם אין אַ קמיע.

—מיר אַביסעלע.

—מיר אַביסעלע,—בעט מען זיך בײַ אים רחמים. און ציענדיג דורשטיג דעם שטאַרקען ברענענדיגען רויך אין די לונגען, פילט מען בעת-מעשה אַ באַזונדער הנאה: „עסטרייכישער טאַבאַק”... אַ קלייניגקייט?... כאָטש דאָס זענען טרוקענע בלעטער אַזעלכע, און ס'איז שטאַרק און ביטער, ווי דאָס לעבען אַליין...

אַן אַנדערער ווידער האָט פון אַ ראַנעץ, צוזאַמען מיט אַנדערע זאַכען, אויך מיטגענומען אַ פאָסט-קאַרטעל. איך נעם עס פון אים און לייען איבער.—דאָס שרייבט, ווי עס זעט-אויס, אַ „טייערסטע העלפט”. זי רעדט וועגען זייער אומדערוואַרטעטער צושיידונג, וועגען איר שטאַרקען בייינקען און וועגען איר האַרץ, וואָס „ער” האָט מיט זיך מיטגענומען... צום סוף זאָגט זי, אַז דערווייל קושט זי אים אין געדאַנק... אַפנים, אַז שרייבענדיג דאָס דאָזיגע פאָסט-קאַרטעל האָט איר נישט געפייניגט קיין פאָרגעפיל, אַז גאָר אין קורצען וועט איר „אויסדערוויילטער ליגען ערגיץ אויף אַן אָפּגעשניטענעם פעלד, מיט אַ ברוין-געלען פנים אונטער דער ברענענדיגער זון און עמיץ וועט פון זיין הפקר'דיגען ראַנעץ אַרויסנעמען סוכאַרעס, טאַבאַק און אויך—איר פאָסט-קאַרטעל...

שווייגענדיג רוקט מען זיך אַזוי איבער די פעלדער. אין קאָפּ טומעלט עפּעס. די זון באַקט פון אויבען און די גלידער זענען אויסגעמאַטערט, ווי נאָך אַ דזיערענדער קריינק.

מיר באַגעגענען די „לינייקעס” פון אַן אַנדער פאָלק. די ביידלעך זענען שוין כמעט פול מיט פאַרוואונדעטע, וואָס סאַניטאַרען ברײנגען אָקאָרשט פון פייער. מיר אָבער וועלען, ווייזט-אויס, הײנט רוען.

באַלד טאַקי לייגט זיך אויס אונזער פאָלק נעבען אַ פּוסטען וויסטען דאָרף אין אַ גאָרטען, און דער עולם געפינט אויך אַ צעשטרייאונג: האַלב־צייטיגע קוקורוזע, וואָס פון איר זיכען טעם שלאָגט-אָפּ אין מויל אַ נישט-גוטקייט...

...

אַ גאַנצען טאָג איז מען געלעגען דאָרט אין גאָרטען און

פון דערוויטענס האָט זיך אַלץ געהערט אַן אומאויפהערליכער ביקסען-און האַרמאַטען-פייער. אויבען איבער אונז זענען געפלוי-גען דעם שונא׳ס אַעראָפּלאַנען און זייער זשומעריי האָט ווי עפּעס שרעקליכעס פאָרויסגעזאָגט.

ביינאַכט זענען מיר געגאַנגען אין „זאַסטאַווע״. אונזער ראָטע האָט פאַרנומען זעהר אַ הויכען באַרג. פון דערוויטענס האָט זיך געזען אַן אומעטיג בילד פון אַ ברענענדיגען ישוב; די פלאַמען זענען געווען שטילע, גרויסע, אימה׳דיגע, און מאָדנע פאַנטאַסטיש האָבען זיי זיך געוויקעלט און געפאַרבט אין רויט דאָס פינסטערניש אַרום זיך... נידעריגער, צווישען די ברענענדי-גע הייזער, האָבען זיך באַוועגט ווי געשטאַלטען פון מענשען. די אויגען האָבען שטום געקוקט אַהין און אין געדאַנק האָבען גע-בלאָנדזשעט אומקלאָרע געדאַנקען...

—שלאָפט נישט! — וואָרען איך מיין „פּאָדטשאַסעק״. דעם יודישען שכן מיינעם, — דאָרט מוזען זיך עס די עסטרייכער אומדרייען.

—ס׳נעמט סיי-ווי קיין שלאָף נישט. קאַ—אַלט!

—טאָ וואָס שווייגט איר?

—עס קלערט זיך אַלץ וועגען דער היים... ווען איך האָב איצט אַ וואַרעמע בעט! הו!...

—פאַרגעסט!

—נו, איז כאָטש אַ שייער מיט שטרוי—בעט ער זיך כמעט...

—דאָס איז נאָך מעגליך.

—אויב מאָרגען וועט גאָרנישט זיין, — כאַפּט אונטער מיין שכן.

—יאָ, יאָ, אויב מאָרגען וועט גאָרנישט זיין, איז אָדער אַ שייער, ענטוועדער אַ פעלד מיט אַ קאַלטער נאַכט. ווען אָבער... איז מעגליך אַ ברידער-קבר אויך...

שטיל. ביידע שוויגען מיר, און עס קלערט זיך וועגען דאָס שרעקליכע, וואָס עס זאָגט זיך אַרויס אַזוי לייכט וועגען זיך אַליין, און וואָס עס טוט נאָכדעם אַזוי באַנג, אַזוי באַנג...

און אַ ראיה האָב איך באַלד, אַז מיין „פּאָרטשאַטעק" האָט איך בעקלערט וועגען טויט, ווייל באַלד פרעגט ער:

—איר האָט זיך צוגעקוקט, ס'אַראַ קאַנאַווע מ'האָט בעגראָבען פאַר די טויטע? ווייזט-אויס, אַז מ'לייגט זיי איינע אויף די אַנדערע.—

—אַרט אייך עפּעס?

—גאָרנישט, אַזוי... ס'איז עפּעס מאָדנע... איך וואָלט...

ער דערענדיגט נישט די לעצטע אָנגעהויבענע פראַזע, און ליגענדיג גראָבט ער זיך ווידער איין מיט'ן קאָפּ אין אַרבעל פון שינעל.

מאָדנע אומעטיג האָבען זיך אַלץ די שטילע פלאַמען אַנט-קעגען געוויקעלט און מאָדנע אומעטיג און געהיימניספול איז גע-ווען דאָס פינסטערניש און שטילקייט אַרום אונז.

אין דערפֿריה, אַז מען איז שוין געווען אויסגעסטראָיעט צום גיין, איז דער קאָמאַנדיר פֿון פּאָלק פֿאַרבייגעלאָפֿען אויף אַ פערד און באַגריסט מיט׳ן פּאָלק-יום־טוב, וואָס איז פּונקט אויס-געפֿאַלען אין יענעם טאָג.

—כאַ! כאַ! גוט יום-טוב! גוט יום־טוב! — האָט מען איינער צום אַנדערן מיט „יאַשטשערקעס" געלאַכט...

מען גייט ווייטער. פעלדער, בערג, טאָלען, וועלדלעך. ערגיץ חנערן האַרמאַטען און דערמאָנען אונז, אַז דאָס איז נישט גלאַט אַ שפּאַציר־גאַנג... מען גייט פֿון איין אָרט צום אַנדערן און אין איין קליין וועלדעל ליגט מען אַ היבשע צייט.

פֿאַרנאַכט גיט מען איבער אַ פֿאַראָרדנונג, אַז בלויז איין באַטאַליאָן—אונזערער—זאָל גיין צו הילף.—

הייסט-עס, ווידער — — —

מעכאַניש באַוועגען זיך די פיס און אין האַרצען גראָבט זיך טיפער און גיפטיגער די שלאַנג... ביסלעכווייז דערנענטערן מיר זיך צו דער גרילצעריי פֿון ביקסען און פּולעמיאָטען. אין דערווייטענס זעען זיך הויכע בערגיגע ערטער און אויבען וויקעלט זיך אַ רויך. פֿון די טאָלען און וועלדלעך ווינקט עפּעס גע־היימעס, פּינסטערעס...

פלוצלונג —

—וו—וו—וו—וו—וו—באַך—!!!

פעלד-גראַנאַטען.

איינע נאָך די אַנדערע זענען זיי געפֿלויגען צו אונז מיט אַ ווילדען וואָיען פֿון אַ שטורם־ווינט און כמעט איבער אונז זיך געריסען און געשאָטען מיט שראַפּנעלען און פּיצלעך מעטאַל...

דאָס האָט מען אונז, ווייזט־אויס, באַמערקט און גענומען שיקען צו אונז „גרוסען". מען האָט באַלד צוטיילט דעם באַטאַליאָן אויף ראָטעס און וזוואָדען און אַזוי האָט מען זיך ווייטער געצויגען. די גראַנאַטען זענען אָפטער געוואָרען. אָט, דוכט זיך, טרעפען זיי. אָדער זיי דערלויפען נישט, ענטוועדער לויפען איבער אויף אַ צען מעטער. מיר גייען אַביסעל צוריק און דאַן ווייטער דורך קאַנאַוועס און טאָלען, און אַזוי אַרום אויסגעמיטען די שראַפּנעלען. שפּעטער אָבער זענען מיר צוגעקומען צו אַ פּלאַץ, וואו עס האָבען שוין ביקסען־קוילען דערגרייכט...

און ווידער דאָס אייגענע... האַרט פאַר די אויערן זשומעט עס; בויגסט זיך נידעריגער צו דער ערד, פּאַלסט גאָר אַנידער און איבערלויפענדיג קלאַפּט דאָס בלוט אין די שלייפען און אין די אויגען—שרעק און שגעון...

ווידער פאַרוואונדעטע, צולעפּערטע, צובלוטיגטע. די באַקריטע בעטענדע שטימען: „סאַ—ני—טאַ—ר!", „גאָ—אָט!"...

ס'איז שוין טונקעל. דער פאַרנאַכט ווערט מיט יעדער רגע אַלץ פינסטערער. פון דערווייטענס, אויף אַ באַרג, גיט אַלע מאָל אַ בליץ און באַלד דערויף אַ דונער: דאָרט שטייט אַ באַטאַרייע. ליגקס פון טאָל זעען זיך קלויסטער־שפּיצען און ווייטע מוירען פון אַ שטעטעל, וואָס ווערען באַלויכטען פון רויטע ריזיגע פלאַמען.

מיר לויפען־איבער אין יענער ריכטונג.

אין מיטען—אַ טייך.

מען שטעלט זיך אַ ווײַלע אָפּ; אָבער די קוילען לאָזען לאַנג נישט קלערען.

—אין וואַסער אַריין!

מען קריכט.

נישט זעהר טיף; בלויז איבער די קני. אָבער קאַלט, קאַ—אַ—לט...

אַרויס פון טייך און אויף ס'ניי איבער אַ פעלד. די הויזען צוגעקלעפּט צום לייב, אין די שטיוועל—פול וואַסער. אומבאַקוועם גליטשען זיך אינעווייניג די פיס.

מיר דערנענטערן זיך צום שטעטעל. אָט זעען זיך רעלסען.

אַן אייזערנער צוים און דערביי אַ ווייסער לאַנגער מויער — דער וואָקזאַל.

ווי שוידערליך! מיר קריכען צווישען טויטע קערפּערס, וויפיל ליגען זיי דאָ! איינע נעבען די אַנדערע... סייל קרעכצען נאָך און גיבען אַרויס דעם לעצטען אָטעם — —נעבען דער אייזענבאַן-ליניע איז עס נאָך געדיכטער. דער אייזערנער צוים איז געדיכט אַרומגעוויקעלט מיט שטעכיגען דראָט. און דאָ האָבען זיי עס פּלוצלונג זייער אייביגע רוה געפונען...

קיין לעבעדיגע זענען דאָ מער נישטאָ. די ערשטע ליניע איז איבערגעגאַנגען אויף יענער זייט שטעטעל און דאָרטען גרילצען עס די ביקסען.

אונז הייסט מען זיך אָפּשטעלען דאָ. מיר צולייגען זיך ליינג־אויס דער אייזערנער באַן־ליניע אין גרייטע פּלאַכע קליינע אָקאָפּעס, אין אַנדערע וואַלגערן זיך טויטע און מען שלעפּט זיי פּשוט פאַר די פיס אַרויס...

ס׳איז שוין גוט פינסטער. די שיסעריי ווערט זעלטענער און בלויז איינציגע קויל׳ען גיבען פון צייט צו צייט אַ זשום פאַרביי.

פון דער זייט האָט געגומען דורכגיין אַ פּאָלק, וואָס האָט זיך אַ גאַנצען טאָג געשלאָגען. מענשען פאַרמאַטערטע, שווייגענדיגע שלעפּען זיך אין דער פינסטער און קלאַפּען טויב מיט די טריט; איינגעהויקערטע אונטער דער משא פון דער אַמוניציע שלעפּען זיי זיך, ווי די שאָטענס, און פאַרשווינדען אין דער פינסטערניש פון דער נאַכט. אין דעם חושך הערען זיך דאָך נאָך געפילט זייערע באַוועגונגען און די טויבקייט פון זייערע טריט, וואָס איז געבליבען הייגען נאָך זייער פאַרשווינדען. און ס׳האָט אויסגעוויזען אַזוי איבערנאַטירליך, גלייך ווי דאָס אַלץ וועבט זיך אין אַ שוואַרצען קאָשמאַר-חלום, און מ׳ווייס נישט וואָס אונזערעס קען זיך אין כאַאָס יעדע רגע דערהערען, וואָס עס קאָן זיך יעדע רגע באַווייזען...

פון דערווייטענס פון יענער זייט וואָקזאַל דערטראָגען זיך הערצרייסענדע קולות. מען שיקט אַהין אַוועק „סעקרעטען“ און

שפּעטער גיבען זיי איבער, אַז דאָס שרייען דעם שונא'ס פאַר-וואונדעטע. אגב האָבען זיי מיט זיך מיטגעבראַכט אַ געפאַנגענעם, וואָס זיי האָבען דאָרט נעבען די פאַרוואונדעטע געפונען.

אונזערע אָקאָפּעס זענען געווען באַזונדערע און פון ביידע זייטען פון מיין „וואוינונג" זענען געלעגען מענשליכע קערפּערס, פון איין זייט אַ טויטער מיט אַ פאַרריסענעם קאָפּ, פון דער אַנ-דער זייט אַ גוסס'ער. דער קאָפּ ביים גוסס'ען איז געווען איבערגע-בונדען און געוועדט האָט ער גאָרנישט; בלויז פון מינוט-צו-מינוט פלעגט ער זיך אַ וואָרף-טון און שווער אַ כאָרכעל-טון פיס'ן האַלז. איך האָב אים געפּרובט עפּעס פרעגען, נאָר קיין ענטפער. לכתחילה האָבען מיינע טויטע שכנים געהאַט געשטערט מיין רוה, באַלד אָבער האָב איך אָן זיי גאָר פאַרגעסען. מיד בין איך געווען, האָבען זיך די אויגען ביסלעכווייז גענומען צו-שליסען.

געשלאָפען בין איך זעהר האַרט און געשמאַק, כמעט מ'האָט געהייסען צו וואַכען. דער „דניעוואַלני" האָט מיך אַ פּאָר מאָל ביים אַקסעל אָנגענומען, נאָר באַלד נאָך זיין אַוועקגיין בין איך שוין ווידער געשלאָפען. — דאָס זעלבע איז אויך געווען פריער. ווען איך האָב פאַרנומען זיין שטעל. — איך פלעג אַדורכגיין די ליינג פון די אָקאָפּעס, זיך אָנבויגען אָן יעדער אָקאָפּ באַזונדער, אויפוועקען יעדען איינציגען; נאָר אַז איך פלעג נאָכדעם צוריק-גיין ליינג-אויס די אָקאָפּעס, פלעגען שוין אַלע ווידער שלאָפען... גיי קעמף מיט די מידע ברעמען, וואָס קלעבען זיך מיט געוואַלד!

אויפגעכאַפּט האָב איך זיך ערשט אין מיטען נאַכט פון קעלט און פייכטקייט. די פיס אין די נאַסע שטיוועל זענען ווי אָפּגעפרוירען. איך עפען די אויגען—אַ גאַנצע באַוועגונג! סאָלדאַ-טען דרייען זיך אום הין און צוריק און ריידען עפּעס אין דער שטיל. און איינע די אַנדערע מאַכט מען באַמערקונגען: „שטילער! שטילער!" אַלע פאָרען זיך מיט עפּעס און מען קוקט זיך אַרום, איך קריך אַרויס פון אָקאָפּ און ביי צו.

—שטילער! שטילער!—וואָרענט מען מיך אויך.

—וואָס איז?—פרעג איך.

—ווין, ווין,—ענטפערט מען מיר אין דער שטיל,—גאַנצע פּעסער דאָ אויפ׳ן וואָקזאַל. ווילסט אַביסעל?

דערביי דערלאַנגט מען מיר אַ פול קעסעלע.

קאַלט איז נאָך געווען און איך האָב גענומען טרינקען. איבער די גלידער האָט זיך צוגאָסען אַן אַנגענעמע וואַרעמקייט. שאַמפּאַניער!... איך האָב דערפון אָנגעגאָסען אַ פולע באַקלאַזשקע, און ס׳איז נאָך אַלץ געבליבען. ס׳האָט אַ באַזונדער רייץ געהאַט און כ׳האָב כסדר געטרונקען. ביסלעכווייז האָט אין קאָפּ אָנגעהויבען גאַנץ נישקשה׳דיג צו רוישען...

מ׳האָט נישט אויפגעהערט צו טרינקען און דער גאַנצער עולם איז געוואָרען בגילופינ׳דיג...

אין וואָקזאַל גופא איז עס געווען נאָך אַנדערש. די ערש־טע קלאַס איז געווען פרייליך באַלויכטען און אָפיצירען האָבען דאָרט אַ גאַנצען בופעט איינגעאָרדענט. אויף די טישען זענען גע־שטאַנען פלעשלעך ווײַן און כּלי׳ערליי ביסקוויטען, שאָקאָלאַד און אַפילו אַ קאָכיגער סאַמאָוואַר האָט אויך געגלאַנצט צווישען דעם כּלים. מ׳האָט זיך דאָרט געפילט גאַנץ געמיטליך.

דאָרט—די אָפיצירען און דאָ, ביי די אָקאָפּעס—די סאָלדאַ־טען. מ׳האָט שוין גאַנץ פריי גערעדט אויף העכערע טענער, גע־וויצעלט זיך און ווייטער געטרונקען. די צונג האָט זיך שוין ביי אַלעמען שווער געדרייט.

און מאָדנע האָט עס אויסגעזען:

...מיטען נאַכט, פינסטער, אומעטיג. דער הימעל שוואַרץ, הויך. פון דערווייטענס — קרעכצען פון פּאַראָוואָזען. און דאָ אונטען נעבען אונז, צוויי טריט בלויז — טויטע פאַרגליווערטע קערפּערס, וואָס שוויגען, ווי די נאַכט... שטום און טויט... שטום און טויט ווי די נאַכט...

און... גאָרנישט! די לעבעדיגע דרייען זיך אום הין און הער, הין און הער. מען טרינקט, מען וויצעלט זיך, מען לאַכט...

—פאַר אייער געזונט!

—לחיים! לחיים!

און פון דערווייטענס האָבען מאָדנע שרייענדיג און העל

געלויכטען אין דער טרויעריגער פינסטערניש די פענסטער פון ערשטער קלאַס... די בליקען האָבען געבלאָנדזשעט אַרום און אַרום און נישט פאַרשטאַנען ווי אַזוי אַלץ קומט דאָ פאָר... אין קאָפּ האָט געריישט און געטומעלט אַ קאָשמאַר פון שאַמפּאַניער, שטאַרק ליכטיגע פענסטער, פאַרדעכטיגע געלעכטערס, טרויעריגע פינ־סטערניש און שטומע פאַרגליווערטע קערפּערס...

—לחיים!

—לחיים!

פּלוצלונג האָט זיך עמיץ פלינק אַ דריי אויס געטון אויפ׳ן שווערען שטיוועל, אַ הויב־געטון די האַנט און מיט אַ שכור׳ן קול אַ רוף־געטון:

—העי, אַ מאַזורקע...

אַ צווייטער האָט זיך מיט אים צונויפגעפּלאָנטערט און ס׳איז אַוועק אַ טאַנץ אין דער פינסטערניש...

עס האָט מיך געשטיקט אַ היסטערישער געלעכטער. מיינע אויגען האָבען געקוקט דאָ אויף די שווייגענדיגע פאַרשטומטע טויטע קערפּערס אויף דער ערד און דאָ אויף די טאַנצענדיגע... צוליב דער פינסטערניש האָב איך זיי קלאָר נישט געזען. זייערע פיגורען האָבען זיך ווי שאָטענס געשליידערט, און זייערע טריט האָבען אַ מאָדנעם פרעמדען קלאַנג אַרויסגעבראַכט... געפילט האָב איך, אַז צווישען זיי איז אַ דריטער פאַראַן—דער טויט— —פעסט האַלט ער אַרומגענומען זייערע טונקעלע פיגורען און דרייט זיך מיט זיי אינאיינעם אין אַן אומנאַטירליכען משוגע׳נעם טאַנץ——

— — — — — — — — — — — —

באַגינען. אַ גרויע ליכטיגקייט שפּרייט זיך אויס אַרום אויף די פעלדער און דעקט אויף די אומעטיגע ווירקליכקייט... די באַ־לויכטענע פענסטער ווערען בלאַסער און בלאַסער. קאַלט. עס ציי־טערן די גלידער. אויפ׳ן האַרצען דריקט עפּעס אַ נישט־גוטקייט. אַנדערע ליגען אין די אָקאָפּעס און שלאָפען גאַנץ געשמאַק און אַנדערע דרייען זיך אום הין און הער און ציטערן פון קעלט. עס אַנטפּלעקען זיך דייטליך די טויטע. אין מאָדנע שרעקליך

זײַען זיי אויס. די פּנים׳ער געל און שוואַרצליך; די הענט האַרט און אויסגעצויגען און די בלוי-געוואָרענע פינגער קראַמפּהאַפט צונויפגעדרייט. ביי איינעם זענען די אויגען געבליבען אָפען. ווי עודער׳ליך! די שוואַרצלעך זענען ערגיץ פאַרזונקען געוואָרען און בלויז די ווייסלעך קוקען שטאַר און פאַרגליווערט אַרויף צום הי־מעל. ס׳איז איינער באַלד צוגעגאַנגען צו אים און אים מיט אַ פּאַלאַטקע דאָס פּנים איבערגעדעקט. דער גוסס׳ער, וואָס ליגט פון א׳ן זייט פון מיין אָקאָפּ. איז שוין אויך רוהיג און פאַרגליווערט... דאָס פינסטערניש, וואָס איז אומבאַמערקט צוקראָכען געוואָרען, האָט אויך זיין לעצטען כאָרכעל מיט זיך פאַרטראָגען...

די זון איז אויפגעגאַנגען און ס׳איז געוואָרען וואַרעמער. דער עולם האָט דערטאַפּט ערגיץ גאַנצע פּעק מיט טאַבאַק-בלעטער און מ׳איז אַרויפגעפאַלען אויף דעם ווי בינען. מ׳קריכט אום איבער די רעלסען, מען זוכט, מען נישטערט צווישען די אָנגעוואָרפענע זאַכען אין די וואָקזאַל-צימערען. פון דער זייט, פונ׳ם שטעטעל ווייעט עפּעס מיט טרויער און וויסטעניש... קיין לעבעדיג וועזען... פּוסטע איינזאַמע געביידעס... בלויז גרויסע, שוואַרצע לאַטיינישע בוכשטאַבען אויפ׳ן וויסטען ווייסען וואָקזאַל זאָגען עדות, ווי אַ מצבה איבער אַ קבר, אַז דאָ איז אויך געווען אַ לעבעדיג שטעטעל און געהייסען האָט עס: „Przemyslany"

מען „סטראָיעט" זיך און מען גייט אַרויס אויף אַ פעלד. דאָרט צושיט מען זיך אין קייט און מען הייסט זיך איינגראָבען. אַנטקעגען איז אַ וואַלד און דאָרט זאָל דער שונא זיין.

נאָך דעם הייסט מען איבערלויפען ווייטער. עס ווילט זיך שטאַרק נישט איבערלאָזען די שוין פאַרטיג-געמאַכטע „וואוינונג", דערצו נאָך אַזאַ „קאָמפאָרט": אונטען אויסגעלייגט מיט קרויט-בלעטער... אויפ׳ן נייעם אָרט פאַלט שוין אָפּ דער חשק צו גראָבען, נאָר ביי דעם געדאַנק, אַז יעדע מינוט קאָן אָנהויבען צו רעגענען מיט פייער, האָבען זיך די הענט נישט ווילענדיג גענומען צום רידעלע. און בלויז פון כעס האָבען פיל ביים אַרויסשיטען יעדעס רידעל ערד צוגעגעבען אַ גיפטיגען „צום טייוועל!"...

זין דערווייטענס האָט זיך בעזוען, ווי אַן אַנדער קייט האָט זיך אַריינגעריסען אין וואַלד, אָבער קיין שיסערייִ האָט זיך אַליץ נישט געהערט. הייסט עס, אַז „זייִ" זענען דאָ ערגיץ נישטאָ. און באַלד הייסט מען טאַקי אויפשטיין פון די פרישע אָקאָפּעס און מען „סטראַיעט" זיך.

מיר קומען אַריין אין אַן אַלייע, וואָס פירט צום שטעטעל, און—וויי, וואָס די אויגען זעען!

פון ביידע זייטען ביי די בוימער—גאַנצע מאַסען, גאַנצע מאַסען טויטע קערפּערס, געדיכט איינע נעבען די אַנדערע, און ערטערווייז אַזוי געדיכט, אַז איינער ליגט אָנגעלענט אויפ'ן אַנדערן... אַזוי לייגג-אויס דער גאַנצער אַלייע. און די פּאָזעס זייערע! די האָר-וואָרצלען פרירען אין קאָפּ... פאַרבלוטיגטע, צוקאַליעטשעטע, צו'הרג'עטע... צולעכערטע שאַרבענס... פאַרבלוטיגטע אַנטבלויזטע ברוסטען און בייכער... טייל—אין אַ פאַרגליווערטער זיצענדער פּאָזע, אָנגעשפּאַרט אין די בוימער... ווער מיט'ן פּנים צום הימעל, ווער איינגעגראָבען אין דער ערד... ווער מיט פאַרמאַכטע אויגען, ווער מיט אָפענע... שרעקליך-אָפענע, פאַרגלאָצטע... די שוואַרצלעך אונטער די ברעמען באַהאַלטען... אונטער די פיס אויפ'ן וועג — ראַנצען, בלויע שינעלען, געשלאָגענע דעקען, רידעלעך און נאָך אַנדערע אַמוניציע.

צווישען די אַלע פאַרגליווערטע, שווייגענדיגע קערפּערס זיצט איינער אַ לעבעדיגער פאַרוואונדעטער. איין איינציגער צווישען אַזוי פיל טויטע!

אַז מיר גייען פאַרביי, ווייזט ער מיט'ן האַנט איבערן מויל, אַז ער וויל טרינקען. עמיץ טראָגט אים צו זיין באַקלאַזשקע און יענער באַדאַנקט מיט שאָקאָלאַדע...

ביינאַכט האָבען זיך עס פון דאַנען די קולות געהערט. וויזיל זענען עס דורך דער נאַכט צושטאָרבען!...

מיר פאַרלאָזען די אַלייע פון טויט און קומען אַרויף אויף אַן אַנדער פעלד.

און ווידער דאָס אייגענע —

פריער—„זייערע", דאָ—אונזערע.

פריער אַן אַלייע, איצט — אַ געוויינליך קאַרטאָפעל־פעלד. אָבער נישט קיין גרינגע קאַרטאָפעל־בלעטער זעען זיך, נאָר געדיכטע פלעקען פון „זאַשטשיטני צוועט".

ברייט איז דאָס פעלד און געדיכט זענען די פאַרגליווערטע קערפערס אויף אים... דאָ און דאָרט... אַלץ בלויע שליפּעס מיט אַ באַקאַנטער ציפער... פון אונזער דיוויזיע... עס דערמאָנען זיך באַקאַנטע.—ווער ווייסט, צי זיי ליגען דאָ נישט אַמאָל צווישן די קאַרטאָפעל־בלעטער?... לויט די ברוינע און געלע פּנים׳ער איז שווער צו דערקענען... קיין אויסזען פון קיין מענשען...

אין מיטען פעלד שטייען עטליכע ביידלעך און סאַניטאַרען זוכען אַרום נאָך לעבעדיגע. אָבער אַזעלכע לעבעדיגע, וואָס זענען מקנא זייערע טויטע שכנים, נעבען וועלכע זיי ליגען...

מיר שלאָגען זיך אַרויף אויף אַ וועג, אויך דאָ וואַלגערן זיך טויטע, ווער אין קאַנאַווע, ווער ביי דער זייט וועג, ווער דערנעבען אויפ׳ן פעלד—אומעטום.

אָט ליגט איינער איבער׳ן קאַנאַווע נאָר אין איין שטיוועל: וויזט־אויס, אַז אַ לעבעדיגער האָט זיך געוואָלט באַנוצען מיט זיינע שטיוועל און האָט אַראָפּגעצויגען פון אים איינעם צום אָנמעסטען; נאָר זעענדיג, אַז ס׳איז צו קליין, האָט ער אים אַ וואָרף געטון. און אַזוי איז איין פוס ביים דער׳הרג׳עטען אַן אויסגעטועטער, אַרומגעדרייט מיט אַ„פּאָרטיאַנקע" און סטאַרטשעט גלייך און פאַרגלייערט, און די געלע פיס־פינגער זעען זיך אַרויס מאָדנע אומבאַקוועם און עקעלהאַפט...

אָט שטייט אַ ווייסע קאַפּעלע, דערביי אַ הייליגע סטאַטוע אויף אַ פּיעדעסטאַל.—זעהר אָפּט אויף די גאַליציאַנישע וועגען — און דערנעבען עטליכע טויטע... די פיגור קוקט גאַנץ געוויינליך אין דער הויך, ערנסט און שווייגענדיג... און דער בלויער הימעל קוקט אויך אַראָפּ גלייכגילטיג און קאַלט און ענדערט נישט זיין פאַרב — — —



די ערגיע-נאכט ביי פשעמישלאני (צום קאפיטל VII ז. 66)

מיר נעכטיגען ערגיץ אויף אַ פעלד אַנטקעגען אַ ברענענדי־
גען דאָרף. באַגינען איז קאַלט. עס קלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן.
מען צינדט קופקעס היי, שטרוי און מען וואַרעמט זיך. ערגיץ דו־
נערן האַרמאַטען, און אין דערווייטענס אין דער לופט זעען זיך
קנוילען רויך פון אויפרייסענדע שראַפּנעלען.

מיר גייען איבער עפּעס אַ שמאָלען וועג. עס טרעפען זיך
פאַרברענטע חרוב׳געוואָרענע פאָלוואַרקען. צורואינירטע געביידעס
און שלעסער. אַ לעבעדיג וועזען איז אַ זעלטענהייט.

נעבען איין ברענענדיגען הויז רויכערן זיך אין דערבייאי־
גען גערטעל בינשטאָקען. קיין בינען נישטאָ — צולאָפען... ווער עס
וויל, לויפט־צו און כאַפּט אַ פירקאַנטיגע שטיק „סוסע״. קיינער
לעשט נישט. די מענשען צולאָפען, ווי די בינען פון די בינ־
שטאָקען...

אַביסעל ווייטער וואַלגערן זיך צובראָכענע האַרמאַטען און
גאַנצע קעסטלעך מיט גראַנאַטען. דאָס האָט דער שונא, אַנטלויפענ־
דיג, נישט באַוויזען צו פאַרכאַפּען. מען באַשטימט אונזער ראָטע
צו באַגראָבען די גראַנאַטען אין דער ערד, און פּאָרזיכטיג פירען
מיר אויס די „בעערדיגונג״... אומזיסט־אומנישט, נעבעך, פריצייטיג
פאַרגראָבען און פאַרשאָטען: זיי וואָלטען דאָך געקענט וויפיל
נוצען ברייגנען און וויפיל שאַרבענס צושמעטערן! — —

נעבען אַ דאָרף אויף אַ בערגעל רוט מען אַביסעל. פון
אויבען גיסט אַ דראָבנער רעגענדעל. די קילע רעגען־טראָ־
פענס פרישען־אָפּ אַביסעל און מאַכען לייכטער דעם קאָשמאַר,
וואָס פרעסט אין מוח... איבער איין כאַטקע פלאַטערט אַ פלאַג פון
רויטען־קרייץ. דאָס האָבען אויך די עסטרייכער איבערגעלאָזען.
נעבען שטוב, אין אַ גערטעל, גראָבען „זייערע״ סאַניטאַרען קברים
פאַר געשטאָרבענע...

אַ טעות...
אַ שרעקליכער טעות.

געשען איז עס אפילו בייטאָג. אונזער באַטאַליאָן איז צו־
געקומען צו אַ וואַלד און זיך צולייגט מיטאָגען. די פּאָזיציע איז
געווען נישט ווייט פון דאָרט. בלויז אַ וויאָרסט פיר אָדער פינף.
פּלוצלונג—
—דעם שונא׳ס קאַוואַלעריע!
דאָס האָט עמיק פון דער זייט אויסגעשריען און אַלע האָ־
בען זיך איבערראַשט גלייך פון גראָז אויפגעהויבען. פון דערוויי־
טענס האָט זיך ווירקליך אַ גאַנצע לאַנגע שורה רייטער מיט אַ
גאַלאָפּ געלאָזען. אַ כאַפּעריי פון די ביקסען, אַ שטופּעניש, אַ דריי־
קעניש, צעוואָרפען, צושליידערט די זאַכען, וואָס אויף דער ערד,
די נישט-דערעסענע קעסעלעך. ווער הינטען, ווער פאָרענט, ווער
אין אַ זייט—און מיט אַמאָל האָט זיך אַ גרילצעריי פון די ביקסען
אָנגעהויבען. איבערן קאָפּ האָבען קוילען געפייפט — ווער ווייסט,
צי פון אַנטקעגען, צי פון די, וואָס ליגען פון הינטען.
קיין סך האָט עס נישט געדויערט. ס׳האָבען זיך דערהערט
קולות פון אָפיצירען און אַ שפּילעריי פון סיגנאַליסטען, מ׳זאָל
אויפהערען צו שיסען.—
אַ טעות, אַ שרעקליכער טעות... אונזער קאַוואַלעריע... מען
האָט זיך געבייזערט און פאָרווירפען געמאַכט!...
לערך צען מענשען זענען צוליב די געציילטע מינוטען
מיט מאַרלע־איבערבינדען אַוועק פון דאָרט...

• מען גייט קרגיץ אין אַ דאָרף אויף נעכטיגען. עס גייט
ווידער אַ רעגען. אין האַרצען זויגט עפּעס אַ וואָרים און גראָבט
זיך אַלץ טיפער, טיפער... וואוהין, אָהין אַ ברעג, אָהן אַ סוף?...
פאַרנאַכט האָבען מיר זיך ענדליך אָפּגעשטעלט אויף אַ פרייען
פעלד אַנטקעגען אַ דאָרף. דער רעגען האָט אויפגעהערט און פון
אויבען האָט נאָך די זון אויך אַ וואַרעם געטון.
מ׳האָט פריי אָפּגעזיפצט. כאָטש אויפ׳ן וועג יאַקסט שטענ־
דיג די פאַרביטערונג ווי אַ שווערער באַרג, פונדעסטוועגען ענ־
דערט זיך די שטימונג ווען נאָר מען קומט אין אַ דאָרף אויף

געכטיגען: אָט נאָך אַ טאָג, נאָך אַ נאַכט. מען ווערט נאָך על-כּל־פּנים נישט דער׳הרג׳עט... און צייטענווייז פאַר׳גנב׳עט זיך נאָך אַ שטיקעל האָפנונג אויך... כאָטש זי ווערט באַלד פאַרשוואונדען ווי־רויך...

באַזאָרגט זיך מיט שטרוי אויף אונטער׳ן דיט, בין איך צו־זאַמען מיט מיין שכן דעם יודען אַוועק אויף „געיעג”. דער פּוס־טער מאָגען האָט שטאַרק פּאַראיבעל... און מיין שכן טויג טאַקי צום עסק. אין אַ שטוב, אין אַ שטאַל, אין אַ גאָרטען—ער געפינט שוין וואָס עס איז צו דער אכילה.

מיר קומען־צו צו אַ פּוסטען שייער. מיין שכן רוקט אַריין אַהין זיין שאַרפע נאָז און די הונגעריגע אויגעלעך זיינע גיבען זיך אַ דריי אַהער, אַהין. פּלוצלונג טוט ער אַ ווייז מיט׳ן פינגער: „איר זעט?...” איך וואַרף אַ בליק אין דער הויך און באַמערק, ווי אין סאַמע „שטשיט” אין אַ נאָרע זיצען זיך אין דער שטיל צוויי הי־נער און האָבען מורא אַ קוואָקע צו טון... זיי האָבען, אַפּנים, באַ־צייטענס דערפילט, אַז מען וויל זיי דאָ שלעכטס טון...

מיין שכן קלעטערט פלינק אַרויף אין דער הויך און באַלד דערהערט זיך אַ קוואָקעריי. איין הון איז שוין ביי אים אין די הענט.

—אַ געשמאָלצענע, אַ געלע הון! — זאָגט צו מיר מיין שכן, ווי דער גרעסטער הינער-קענער,—איר זעט?

דערביי האָט ער פונאַנדערגעבלאָזען אירע פעדערן און מיר געוויזען איר געלקייט.

—וואו שחט מען זי?...

—דאגה׳ט נישט, איר וועט באַלד זען — ענטפערט ער מיר —די צרה איז נאָר, וואָס קיין ברויט איז נישטאָ. מיר וועלען דאַרפען עסען ווי חולאים...

ער ציט אַרויס דאָס רידעלע פון ציכאָל, לייגט אַרויף די הון מיט׳ן קעפעל אויף אַ שטיין.

—וואָס גייט איר טון? — פרעג איך, זיך אָפּדרייענדיג אָן אַ זייט. כ׳פאַרשטיי זיין כוונה.

אָנשטאָט אַן ענטפער דערהער איך איין טעמפען קלאַפּ און

אַ צווייטען איבער'ן שטיין...

איך גיב אַ קוק—דאָס קעפּעל ליגט שוין אין אַ זייט און די הון צאַפּעלט זיך, צאַפּעלט זיך און פּאַטשט מיט די פליגעל...

—און אַז מען וועט מיר אַראָפּהאַקען דעם קאָפּ?...—האָט מיין שכן נאָכדעם ווי זיך פאַרענטפערט.

ער רעדט נישט קיין סך און נעמט זיך באַלד פליקען די פעדערן. ווייזט זיך אַרויס, אַז ער איז אַ גאַנצער מומחה, ווי אַן אמת'ע יודענע. זיין מאַמען, דערציילט ער, פלעגט ער אַמאָל אויך העלפען „מאַכען" עופות... אפילו די אָדערען פון האַלז ציט ער אַרויס. „דאָס איז טרפה" — זאָגט ער... „און דער פּופּיק, מיינט איר אודאי, וועט גיין אין? ניוועץ?"— רעדט ער ווייטער:— „אָט קוקט און שווייגט"... איך, פון מיין זייט, זוך אויס אַ פּליטע אין אַ פּוסטער שטוב, אַ טשוהון, האָלץ; באַזאָרג זאַלץ, קאַרטאָפּעל, אַבי זיך נישט צו עוסק'ן מיט דעם קרבן, נעבעך, וואָס האָט זיך מיט אַ האַלב שעה צוריק באַהאַלטען אין שפּיץ דאַך...

שלאָפען שלאָפט מען אונטערן פרייען הימעל, אויפ'ן פעלד. די נאַכט איז אַ קאַלטע, ווי די אַלע סוף־אויגוסט־נעכט. ליגסט אויפ'ן אונטערגעשפּרייטען ביסעל שטרוי, נורעסט זיך און ציטערסט. לכתחילה ווערט מען אַביסעל אַנטשלאָפען. אָבער באַלד וועקט אויף די קעלט צוריק. עס עפענען זיך די אויגען און קו־קען צום טונקעלען הימעל. קוקסט, טראַכטסט און קאָנסט זיך נישט דערטראַכטען... דאָס לעבען איז מיאוס, עקעלהאַפט... גלאַט מען נעמט מענשען און מ'רייסט זיי אָפּ פון זייער היים, פון זייער רוהיגען חדר, פון זייער ווארעמען געלעגער און מ'טרייבט זיי אום טאָג און נאַכט, טאָג און נאַכט, נע ונד, איבער פעלדער און וועלדער, ווי די הינט, אָדער נאָך ערגער: ווייל יעדער הונט האָט זיך זיין נאָרע, און באַזיצענדיג אַ הינטישע פעל, איז אַ נאָ־רע ביי אים געגליכען צו אַ מענשליכען פּאַלאַץ,—און מיר,—מענשען בעווייגליכע, לעבעדיגע, מענשען, אויף צוויי פיס, מיט אַ קאָפּ, האַרץ, געפילען, געדאַנקען, פאַרלאַנגען,—מיר האָבען אפילו קיין הינטישע נאָרע אויך נישט... פוי, מיאוס, עקעלהאַפט! — —

מיין שכן ווארפט זיך פון זיין זייט אויף דער אנדערער.

—איר שלאפט נישט?

—קא—א—אלט!

זיין נאכדעם גיט ער צו:

—ווען איך האב איצט מיין בעט, מיין ווארעמע בעט!..

ס'ארא נאר דאס איז: שטענדיג חלומ'ט אים זיין בעט מיט די בעטגעוואנט... און ווי אלע מאל, ראט איך אים איצט אויך, ער זאל אן דעם בעסער פארגעסען. ער קאן עס אבער נישט שיינקען און האט צו מיר א גאנצע טענה:

—וואס מיינט איר, ס'זענען נישטא איצט קיין מענשען, וואס ליגען אין די ווארימע צימערען און — דא פארענדיגט ער האלב־פארנאגראפיש.

—נו איז וואס?—פרעג איך סתם אין דער וועלט אריין.

—„איז וואס?‟ ווען איך קאן, וואלט איך, דוכט זיך, אלע־מען, אלעמען פון די הייזער ארויסגעטריבען: גייט, גייט אזוי ווי מיר אויף די פעלדער. נעכטיגט ווי מיר אין קעלט און אין רע־גען. אלע. אלע!

מיין שכנ'ס לעצטע ווערטער זענען מיר געפעלען געווארען. פאר אים איז עס געווען א גרויסער פארשריט. בכלל באמערק איך, אז דאנק דעם נע ונד־לעבען, אז זיין טעמפער מח האט זיך אביסעל א ריר געטון... זיינע גרויע קליינע אויגלעך פלעגען זיך שוין אמאל אויסשטארען און א פייכטקייט פלעגט זיך אויף זיי באווייזען...

אפנים, ער טראכט שוין אביסעל און פארטראכט זיך...

## VIII

--מיר גייען צו לעמבערג!

אַזוי ריידען די אָפיצירען צווישען זיך. ווען מיר וועלען צוקומען הינטער יענע טויערן, ווייס מען נישט קלאָר, נאָר אַז דאָרט וועט זיין אַן אמת'ער גיהנום—דאָס איז מער ווי זיכער.

פון איין זייט די שרעקליכע ערוואַרטונג, פון דער אַנדער—נייגעריגקייט: לעמבערג... אַ גרויסע אייראָפּעאישע שטאָט.

מיר גייען איבער אַ שאָסיי. דער טאָג איז אַ הייסער. די זון באַקט אומדערבאַרעמדיג. אַזוי איז געווען גאַנץ אָפּט: בייטאָג הייס און ביינאַכט—שרעקליך קאַלט.—

הונגער, דערשלאָגענקייט, פאַרמאַטערטקייט, שטויב און שווייס... דאָס ציט זיך ווי אַן אומענדליכע קייט. די פאַרביטערטקייט וואַקסט. און עס פרעגט זיך: איז נישט בעסער דער טויט פון דאָס לעבעדיגע פלאָגעניש? דער טויט איז אַ קויל — און פאַרטיג, אָבער דאָ...

אַזוי גייען מיר איבער עטליכע טעג אין ערוואַרטונג. איין טאָג מאַכען מיר גאָר אַ קליינעם איבערגאַנג, בלויז אַ וויאָרסט פיר־פינף. מיר קומען אין אַ דאָרף און פון ערגיץ גאָר נאָענט הערט זיך אַן אומאויפהערליכע קאַנאָנאַדע. ביי אַ וועג, וואָס גייט דורך דורכ'ן דאָרף, ציען זיך פיל אָקאָפּעס. מען הייסט זיך צולייגען האַרט ביי די הייזער און זיך נישט דרייען סתם אין דער וועלט אַריין. נאָך דעם קומט אָן אַ פאַראָרדנונג און מען פירט אונז אַרויס הינטערן דאָרף אויף אַ פעלד. דאָרט נעמט מען זיך גראָבען אָקאָפּעס. און כאָטש דער מאָגען איז געווען פוסט און פול מיט תביעות, דער שווייס האָט געקאַפּעט, דער רוקען געבראָכען,

פונדעסטוועגען האָט מען געאַרבעט. מ׳האָט גאַנצענע הייזער אויף שייערן צופירט און פון די באַלקענס און קלעצער בלינדאַזשען געמאַכט.

—וואָס גרעבערע באַלקענס!—האָבען געוואָרענט די אָפיצירען,—איר זעט דאָרט?

אין דערוויטענס האָבען זיך ווירקליך געזען וואָלקענדלעך רויך פון שראַפּנעלען. שרעקליך און מעכטיג האָבען ערגיץ געדונערט די שווערע האַרמאַטען. און דאָס האָט ווי אונטערגעטריבען און פלייסיגער געמאַכט די אַרבעט,—כאָטש די כחות האָבען זיך אָפּגעזאָגט צו פאָלגען.

פאַרנאַכט איז די שלאַכט אין דערוויטענס פאַר׳עקשנ׳ט געוואָרען. זי האָט זיך אויך דערנענטערט. אָט הערט זיך שוין אויך דאָס גרילצען פון ביקסען און פולעמיאָטען. מען הייסט זיך לייגען אין די אָקאָפּעס. אַ נס, ווי מיד,ווי פאַרמאַטערט!

איין באַטאַליאָן, וואָס האָט זיך פריער געהאַט איינגעגראָבען הינטער אונז, האָט זיך צושאָטען אין קייט און גענומען איבערלויפען פאָרויס, אָט גיט אַ פאַל די גאַנצע שורה אַנטקעגען אונזערע „פּאַלאַצען״, און, אָפּרוענדיג אַביסעל, לויפען זיי אַריבער איבער אונז, פאָרויס, פאָרויס... ס׳אַראַ דערשראָקענע פּנימ׳ער, ס׳אַראַ פינסטערע!

אַפּנים, עס הויבט זיך אָן...

אָבער מיט׳ן אָנקומען פון דער נאַכט איז די קאַנאָנאַדע איינגעשטילט געוואָרען און פלוצלונג הייסט מען גאָר אַרויסגיין פון די אָקאָפּעס, צום טייוועל! — עס ווילט זיך אַזוי נישט פאַרלאָזען דאָס אָרט. אַ גאַנצען טאָג דאָ די כחות אַוועקגעלייגט, וואָלט מען דאָ כאָטש איבערנעכטיגען אין דער וואַרעם אַ נאַכט!

מען „סטראָיעט״ זיך ווייטער אין וועג, ס׳איז שוין גאַנץ פינסטער. די נאַכט איז אַ שטילע, אַן אומעטיגע. מיד און שווייגענדיג קריכט מען אַזוי אין דער פינסטערניש איבער פעלדער און וועגלעך. די טריט קלאַפּען זיך טויב אָן דער ערד און גיבען אַרויס אַ מאָדנעם טעמפּען קלאַנג.

עס אַנטפּלעקען זיך פון דערוויטענס העלע שטאַרקע

שטראַלען: עלעקטרישע באַלייכטונג!
לעמבערג!

און מאָדנע האָט גערייצט די העלע ליכטיגקייט, וואָס האָט זיך געריסען פון דערווייטענס און אַ גרויס געשיקט פון אַ פרעמדער וועלט. דאָרט רוט אַ שטאָט, אַ כרך און דאָ וואָגלען אום מענשען אין דער פינסטערניש און וואַרטען אויפ׳ן טויט... פון אַ לעבעדיגער וועלט האָבען זיי דערציילט, די שטראַלען... און ס׳דוכט זיך, אַז שוין לאַנג, לאַנג איז מען אַזוי אָפּגעריסען פון מענשען, פון פריי לעבעדיגע מענשען...

אַ שטאָט! אַ שטאָט.

דאָס פינסטערניש איז געוואָרען געדיכטער און שווערער. מ׳האָט אונז אַרויפגעפירט אויף עפּעס אַ פעלד און געהייסען זיך איינגראָבען. ווידער גראָבען... און ווי אויף צו-להכעיס האָט פון אויבען גענומען קאַפּען. דער רעגען איז געווען אַ דינער, אָבער אַ געדיכטער און אָהן אַן אויפהער.

מען טאַפּט אין דער פינסטערניש און מען גראָבט. אָפּגעבאַפּט דעם אָטעם און ווייטער געגראָבען. דאָס רידעלע פאַלט פשוט פון די הענט אַרויס און די אויגען קלעבען זיך. ווי עס איז גראָבט מען אויס פאַר זיך אַ פלאַכען קבר און מ״לייגט זיך אַריין.

עס גייען אָבער נישט אַוועק קיין פינף מינוט—

—אויפשטיין!

אַ טעות...

צום טייוועל מיט דער פינסטערניש: די אָקאָפּעס, האָבען זיך די אָפיצירען אַרומגעזען, זענען נישט מיט׳ן פראָנט צום שונא, נאָר קאַפּויר. מיט אַ פליגעל...

אַ געלעכטער. מען דרייט איבער די קייט און מ׳הייסט אויף ס׳ביי גראָבען. אָבער ווי אַזוי?—די הענט היינגען שוין פשוט ווי פרעדע, ווי צוגעטשעפּעטע... און דער רעגען?... גיסט און גיסט... נישט אַנדערש, עמיצער פירט דאָ אַ ווילדען צו-להכעיס-שפּיל.

—גראָבט זיך איין! שלאָפט נישט!—

וואָס וויל די שטים?... וואָס רייסט זי בײַ די וואונדען?...

אָבער די אייזען-האַרטע ווירקליכקייט שטויסט-אָפּ אַלע טענות: וואָס וועט זיין, אַז עס וועט טאָג ווערען און ס'וועט נעמען האָג-לען מיט מעטאַלן?...

און אויפּס'נייַ פאָרען זיך די הענט מיטן רידעלע. אויסגע-שאָטען אַ רידעלע ערד און אָפּגערוט אַביסעל, אַ צווייטען און ווייַ-טער אָפּגערוט. אַזוי כסדר מיט לאַנגע פויזעס. אָט קלעבען זיך גאָר צו די ברעמען און עס דרעמעלט זיך איבערן נישט-פאַרטי-גען קבר... אויפוועקען וועקט אויף אַ קופּקעלע קאַלטע נאַסע ערד, צו וואָס דער שטערן פאַלט צו...

דער דזשיגער אָקאָפּ איז שוין געווען פלאַכער און קיר-צער—אַזוי אַז די פיס זענען געווען אין דער הויך און בלויז דער קאָפּ מיט אַ האַלבען קערפּער אונטען. אייגגעגנורעט זיך אין שינעל, איבערגעיואָרפען זיך מיט דער פּאַלאַטקע און דער רעגען פון אויבען האָט דראָבנע געקלאַפּט און געקלאַפּט אין איינגע-וויגט. די אויגען האָבען זיך פאַרשלאָסען שטייף, האַרט ווי אויף אייביג, און אַלץ אין קאָפּ איז ווי צוגאָסען געוואָרען אין אַן אומבאַשטימטען כאַאָס..

פּלוצלונג האָט עפּעס אין כאַאָס אָנגעהויבען צו ציטערן און טרייסלען זיך, עמיץ שרייט, דוכט זיך, אָהן ווערטער, און באַלד דערהער איך אַ שטים:

—שטיי-אויף!

מיט גרויס אָנשטריינגונג עפען איך די אויגען און זע ווי איבער מיר שטייט עמיץ זיבערגעבויגען און רייסט מיך פאַרן האַנט:

—מען „סטראָיעט" זיך שוין! איך הויב זיך אויף — דער עולם שטייט שוין גרייט צום גיין. וואָס דער רעגען האָט פון מיר געמאַכט! דורך און דורך דורכגעווייקט און נאַס. איך טו אָן די אַמוניציע. דער שינעל איז שווער, דיק און קאַלט, די פּאַ-לאַטקע—האַרט ווי אַ בלעך.

נו, אַ נאַכט! אַ משוגענע נאַכט! — — — — —

די אויגען ברענען און שטעכען פון איבערגעריסענעם האַר-טען שלאָף, דער שטערן איז הייס. די פיס ברעכען זיך און אַלע

גלידער מאַטערן, מאַטערן, חלש׳ן ביסלע רוה כאָטש ערגיץ אין אַ שטאַל, אין אַ פערד, שטאַל!...

דער עולם דעקט זיך איבער מיט די האַרטע אויסגעווייק־טע פּאַלאַטקעס איבערן קאָפּ און מען לאָזט זיך אויפס׳ניי איבער די פעלדער. פינסטערניש, בלינדקייט. שטיקער ערד פון צואַקער־טע פעלדער פּלאָנטערן זיך אונטער די פיס און די ערד איז גליטשיג און ווייך פון רעגן. די פיס טאָפּטשען אַרויף־אַראָפּ, אַרויף־אַראָפּ... אַזוי פעלד־אויס, פעלד־איין. און די אַלע, וואָס קריכען דאָ אָהן ציל, אָהן זינען, זענען, דוכט זיך, גאָר קיין מענשען נישט, נאָר אומגעלומפּערטע גולמ׳ס, געטריבענע דורך עפּעס אַ שלעכטען בייזען שטן, וואָס מאַכט חוזק איבער זיי און פירט זיי אום אָהן אַ בּרעג אין פינסטערניש, קעלט, רעגען... כאַ — כאַ, חוזק! אַ בלוטיגער חוזק! — — —

טיף אין האַרצען רעגט זיך עפּעס און זויגט, זויגט. אין דער לינקער ברוסט־קעסטעל פייניגט אַ שאַרפער ווייטאָג, ווי כ׳ן טעמפּע מעסערס געשניטען.

אַנדערע ווערען אויפ׳ן גאַנג אַנדרימעלט, טוען אַ פאַל און הויבען זיך אויף מיט אַ קללה סתם אין דער וועלט אַריין...

—וואָס וואָלט מיך געאַרט, ווען איך וואָלט געבוירען גע־וואָרען אַ הונט?...—פרעגט איינער זיך אַליין מיט גאַל.

קיינער רופט זיך נישט אָפּ.

פעלד־אויס, פעלד־איין. און פון אויבען, פון דער פינסטער־ניש גיסט און גיסט...

די סטרונעס איבעווייניג זענען שטייף אָנגעצויגען. ס׳דער־גרייכט, דוכט זיך, די העכסטע מדרגה... אָט—אָט און עס פּלאַצט דאָס האַרץ מיט אַ פלוך־באַגלייטונג — — — — — — —

פעלד־אויס, פעלד־איין. און פון דערווייטענס ווינקען העלע גלאַנציגע שטראַלען פון אַ שטאָט...

מיר שטייען נעבען אַ ברעג וואַלד. מען צונעמט אונז אין דער לייג און מען הייסט זיך פּשוט לייגען. איטליכער פאַלט ווי

אַן אונטערגעזעגטער בוים. מען פילט נישט די נאַקקייט, דעם רעגען. איינגענורעט זיך אין שינעל—און טויט-שטיל... ווידער איז אין קאָפּ צוגאָסען געוואָרען אַן אומבאַשטימטער תהו ובהו...

פאַרטאָג.

מען וועקט נאָך איידער די זון איז אויפגעגאַנגען. גרוי און קאַלט איז דער באַגינען. קיין רעגען גיסט שוין נישט. עס ציטערן די גלידער. נאַס, אויסגעווייקט די זאַכען, ווי שמוציגע פּיכטע שמאַטעס צום לייב, דיפּנים׳ער בלויע, ברוינע. צוקנייטש-טע.

און הויבט מען אָן צו גיין, איז די משא אויף זיך אום-געהויער שווער און די פיס פּלאָנטערן זיך ווי פרעמדע. די שטי-וועל שווערע; אינעווייניג נאַס און גליטשיג.

מען גייט ווייטער אין קייט איבער אַלערליי פעלדער. באַלד, באַלד וועלען מיר זיך, אַפּנים, אָנשלאָגען...

נעבען אַ דאָרף פרעגט עמיצער ביי אַ פּויער, וויפיל איז נאָך צו לעמבערג?

—אַכט קילאָמעטער.

—בלויז אַכט? מען קאָן שוין, הייסט עס, זאָגען ודוי...

דרויסען האָט זיך אויסגעלייטערט. די וואָלקענס אויפ׳ן הימעל זענען צוזייט געוואָרען און ס׳האָט זיך באַוויזען די זון. די שטראַלען וואַרעמען און די צוגעקלעפּטע זאַכען שטייען ביס-לעכווייז אָפּ פון לייב.

פּאַמעלעך רוקען זיך אַזוי די פעלדער און בלייבען הינ-טער אונז. פאַרוואָס איז נאָך שטיל?...

אין אַ צווייטען האַלב-אָפּגעברענטען דאָרף פרעגט מען ווי-דער ביי אַ פּויער:

—וויפיל איז נאָך צו לעמבערג?

—זעקס קילאָמעטער.

מען קוועטשט מיט די פּלייצעס, גלייך ווי ס׳וואָלט זיך פּשוט פאַרביינקט נאָך אַ קנאַל פון אַ ביקס...

געגען אַלעמענס ערוואַרטונג הייסט מען זיך פּלוצלונג „סטראָיען" אויפֿן שאָסיי. און אַזוי גייט מען גאַנץ געלאַסען און פריי.

וואָס זאָל דאָס באַדייטען?

באַלד האָט זיך איבער דער גאַנצער לייגג, וואָס דער פּאָלק פֿאַרנעמט, צוטראָגען:

—מ'גייט פריי אין שטאָט!

און איין אָפיציער, וואָס לויפט-אָן פון אַנטקעגען אויף אַ פערד, זאָגט אָן אַ צווייטען:

—שוין איבערגעגעבען די שליסלען פון שטאָט!

אַ געמישטער געפיל האָט די הערצער דורכגענומען. לכתחילה האָט מען אַנדערש נישט אויסגערעכענט, אַז דאָ ביי דער שטאָט מעט שלאָגען די לעצטע שעה, און פּלוצלונג—אַזאַ איבעררעשונג! מ'האָבען אַנדערע אפילו געמיינט,אַז —ווער-ווייסט? — אפשר וועט איצט צו אַלץ אַ סוף נעמען?...

מען האָט שוין נישט געפילט די צובראָכענקייט, די פֿאַר-מאַטערטקייט, די זון האָט באַזונדערס געוואַרימט, גלייך ווי זי וואָלט איטליכען אָפּגעגעבען אַ גרוס פון דער פערלאָזענער היים, וועלכע זי זעט און באַלייכט פון איר הויכקייט... ס'האָט זיך אַריינגעגנב'עט אַ האָפנונג, אַז ס'קען זיין, מען וועט זיך נאָך אומקערען, און—לעבען, לעבען... ס'האָבען זיך אפילו אויך דער-מאָנט באַקאַנטע נעמען פון טויטע. אַ שאָד, פאַרוואָס זענען זיי שוין טויט? זיי וואָלטען דאָך איצט אויך געקאָנט פילען וואָס אַלע...

אַזוי האָט זיך געטראַכט...

מיר גייען דורך אַ דאָרף. פון אַנטקעגען ציט זיך אַ גאַנצע מחנה פויערים. מאַן און ווייב, קליין און גרויס. ווער עס פירט אַ בהמה פּאַר אַ שטריקעל, ווער אַ פערד, ווער אַ חזיר. אַנדערע זיצען אויף הויכע וואָגענס מיט „בעבעכעס".

דאָס זענען אַלץ אַנטלאָפענע. נעכטען זענען זיי פון דאַנען אַנטלאָפען, אין שטאָט, מורא האָבענדיג פאַר אַ שלאַכט און היינט קערען זיי זיך שוין צוריק אום אויף זייערע ערטער.

אין עק דאַרף צום שטאָט־צו זעען זיך זייערע איינגעאָר־
דענטע „שאַנצען“ און גאַנצע לאַנגע רייען פון דראָט־פאַרצוימונגען.

דער שאָסיי פירט אַרויף אַלץ העכער און העכער. אָט
אַנטפּלעקט זיך פאַר׳ן אויג אַ קופּאָל פון אַ קירכע, אַ רויטער דאַך
פון אַ הויכער געביידע, און באַלד דערויף די גאַנצע פּאַנאָראַמע
פון דער שטאָט.

אַ פּראַכטפולע בילד!

עס בלאַנקט די ווייסקייט פון מויערען, עס שפּיגלען זיך
די זון-שטראַלען אין אומצייליגע פענסטער, און אַנדערע שויבען
גלאַנצען פון דערווייטענס ווי רובינען. הויך און מאַיעסטעטיש
דערהויבען זיך קירכען איבער דעכער. אין איין ווינקעל ציט זי
זיך ווייט, די שטאָט, און ווערט פאַרפאַלען אין האָריזאָנט.

— לעמבערג! — האָט מען אייגע די אַנדערע איבערגעגעבען,
קוקענדיג בייגעריג אויף דער רייצענדער פּאַנאָראַמע.

מען הייסט זיך לייגען דערווייל אָפּרוען, און עס ווערט
אַוועקגעשיקט אַ רייטער־פּאַטריאַד אַרום שטאָט. אין דערווייטענס
זעט מען נאָכדעם ווי די אַוועקגעשיקטע אויסשפּירער דרייען זיך
אַרום ביי די באַפעסטיגונגען פון שטאָט, זוכען, נישטערן און שי־
סען אין דער לופט: אויב ס׳איז „עמיץ“ פאַראַן, זאָל ער זיך
אָפּרופען.

ווען די רייטער קערען זיך אום, „סטראָיעט“ מען זיך און
מען לאָזט זיך אין אָרדנונג צו דער שטאָט.

אָט איז אַ גאַס, אַ גאַנץ געוויינליכע גאַס פון עק. פּאָרויס
פּאַרלויפט אויף אַ פערד דיוויזיע־נאַטשאַלניק און אַרום אים אַ
„סאָטניע“.

פון דערווייטענס לויפען עפּעס איבער אַ פּאָר מענשען אי־
בער דער ברייט פון גאַס און פאַרשווינדען אין אַ טויער. פון
אַנדערע טירען און פענסטער רוקען זיך אַרויס קעפּ און קוקען
מיט נייגעריגקייט און פּחד. אָבער זעענדיג, אַז מיר גייען זיך
גאַנץ געלאַסען, ווערט מען מוטיגער און ביסלעכווייז באַווייזט
מען זיך שוין אין דרויסען פאַר די הייזער. מ׳קוקט אונז נאָך
אויפמערקזאַם און ערנסט און מען הערט זיך צו צום ריטם פון

אונזערע טריט איבער'ן ברוק.

אין דער צווייטער גאַס איז מען שוין געווען דרייסטער. דאָרט איז מען געשטאַנען רעדלעכווייז און שווייגענדיג געקוקט. אַ יודישער סאָלדאַט האָט אָפּגעגעבען אַ פאַרבייגייענדען יודען אַ „גוט מאָרגען” און ביסלעכווייז האָבען זיך פאַרבונדען שמועסן מיט די סאָלדאַטען. אויף אַ פרייען פלאַץ, נעבען אַ שוה־פאַבריק, האָט זיך דער פאָלק אָפּגעשטעלט.

אַרומגעוואַשען זיך מיט'ן ביסעל וואַסער פון „באַקלאַגע”, לאָז איך זיך אין שטאָט אַוועק. די אָפיצירען האָבען פאַרזאָגט, אַז אָהן ביקסען זאָל מען זיך נישט דערוועגען ערגיץ צו גיין און מען זאָל זיך באַגיין אָרענטליך מיט די אַיינוואוינער; אָהן געלט קיין זאַך נישט נעמען, ווייל די שטאָט האָט אונז אויך גאַנץ העפליך אויפגענומען.

איך קום אַרויס אויף אַ גאַס—ברייט, לאַנג, גראַציעז, עלעק-טרישע טראַמווייען ציען זיך שנעל און קלינגען. די הייזער עלע-גאַנטע, שיינע און די טראָטואַרען שוואַרץ פון מענשען.

עס רינגעלט מיך אַרום אַ גאַנצער רעדעל. אַלץ אחינו בני ישראל. מען קוקט מיר גלייך אין די אויגען אַריין. מען פאַרשיט מיך מיט פראַגען.

—אַ יוד, אַ יוד?

—פון וועלכער געגענט.

—מען וועט נישט טשעפען קיין יודען?...

—צי זענט איר געווען אין בראָד?

—צי קען מען איצט צוריקפאָרען קיין טאַרנאָפּאָל?

—צי איז זלאָטשעוו נישט פאַרברענט געוואָרען?

און נאָך און נאָך פראַגען פון אַלע זייטען. איך ווער ווי צומישט און ווייס נישט אויף וואָס פריער צו ענטפערן. דאָס רע-דעל אַרום מיר וואַקסט און איך בין שוין אַרומגענומען ווי מיט אַ פעסטונג; און אַלע שפּאַרען זיך און ווילען שטיין וואָס נענטער צו מיר, דער עולם איז אַ פאַרשיידענאַרטיגער: עלעגאַנטע היט און שמאָלע חסידישע היטלעך.

—אַך, אַנטשולדיגט--בעט איך זיך,—זאָגט מיר בעסער, וואו

איז דאָ אַ פאַבריקמאַכער?

—ביטע, ביטע, דאָ נישט ווייט.

און דער גאַנצער עולם באַגלייט מיך צו דער רעזהדע.

איך קום אַהין אַריין, דערזעה זיך אין שפּיגעל—גאָט מיי־נער, ס'אַרהאַ אויסזען ביי מיר! בין איך נישט עלטער געוואָרען אויף אַ צענדליג יאָרען?... איך שרעק מיך פאַר זיך אַליין.—

דאָ זיצען שוין סאָלדאַטען און מען האַלט אין איין טענה'ן און אויספרעגען.

איין סאָלדאַט קוועטשט מיט די פּלייצעס:

—ס'אַראַ מאָדנע לאַנד ביי אייך! ביי אונז אין רוסלאַנד שמירט מען די מידלינגעס מיט אַ פענזעל און נישט מיט די הענט...

—און וואָס איז די מעשה—פרעגט אַן אַנדערער—וואָס דאָ אין עסטרייך פאָרט מען איין מאָל דורך מיט'ן ראַזיר־מעסער? ביי אונז אין רוסלאַנד ראַזירט מען דאָך פאַר די זעלבע קליינ־געלט צוויי מאָל!...

דער פאַבריקמאַכער, אַ יוד מיט אַ „פּראָפעסאָרישען" אויסזען מאַכט מיך אין פינף מינוט יונגער, ווער ווייס, אויף וויפיל יאָרען, און דאַן לאָז איך זיך ווידער איבער די גאַסען.

אויפס'ניי האַלט מען מיך אָפּ, מען רינגעלט מיך אַרום, מען פאַרשיט מיך מיט פראַגען און קוים וואָס מיר געלינגט זיך צו באַפרייען פון די נייגעריגע.

איך קום אַריין אין אַ יודישער „קאָלבאַסנע" צובייסען. די פאַרקויפערין זאָגט מיר גלייך איז פויליש, אַז זי איז גרייט מיט מיר צו ריידען אויף וועלכער שפּראַך איך וויל: פויליש, דייטש און זאָגאַר רוסיש פאַרשטייט זי אויך אַביסעל.

—רעדט מיט מיר פּראָסט מאַמע-לשון...—לייג איך איר פאָר.

—אַך, זעהר אַנגענעם, זעהר אַנגענעם, וואָס פאַרלאַנגט איר צו קויפען? ביטע זיך זעצען.

איך זיץ שוין ביי אַ טישעל. באַלד לאָזט זיך אַריין אַ גאַנ־צע גרופּע יודען פון גאַס און מען רינגעלט מיך ווידער אַרום פון אַלע זייטען.

אויפן טיש באַווייזט זיך ביר, וואָס איך האָב גאָרנישט געבעטען.

—איך האָב עס דאָך נישט פאַרלאַנגט!

—אָבער ניין. איר וועט מיט אונז טרינקען—ענטפערט איינער אַ יוד.

מ׳קוקט מיך נייגעריג אָן, מ׳טאַפּט פּשוט די אַמוניציע אויף מיר און די ביקס, וואָס שטייט ביי דער זייט, מ׳שטעלט מיר כּל-ערליי פראַגען, ווי עס לעבען עפּעס די יודען אין רוסלאַנד, און אגב דערציילען זיי מיר, ווי זיי אָטעמט זיך דאָ פריי..! ווי די לופט איז דאָ לייכט...

פון דאָרט גיי איך אַרויס מיט אַ יונגען מאַן, וועלכער נעמט זיך אונטער מיר צו ווייזען די שטאָט. אויפ׳ן וועג קומטצו צו אונז נאָך אַ יונגער-מאַן מיט אַ צייכען פון דער שטאָט-מיליציע אויפ׳ן אַרבעל.

מיר גייען אַזוי גאַס-אויס, גאַס-אַיין, מען פירט מיך אַלץ אין די מערקווירדיגסטע ערטער און איך באַקום אַן אילוזיע, אַז איך שפּאַציר גאָר איבער די גראַציעזע גאַסען פון דער געוועזענער פּוילישער רעזידענץ אין רוסלאַנד.

אָט איז דער קילינסקי-פּאַרק מיט זיינע פּראַכטפולע בלומען און שלאַנקע פול-בלעטערדיגע בוימער. אָט ווייזט מען מיר די געביידע פון טעאַטער. שוין דער אויסערליכער אויסזען אַליין, די הויכע קאָלאָנעס און פּיגורען דערמאָנען אָן קונסט.

האַליצקי-פּלאַץ—אַ שליסעל פון פיל גאַסען. עס רוישט און עס קאָכט פון מענשען. פּלאַץ מאַריאַצקי — שוין אַ שטילערעס, אָבער שיין ווינקעל.

איך באַקוק אויך די לאַנגע ריזיגע געביידע פון דעם „לאַנד-טאַג” מיט זיינע פּיגורען אין דער הויך; די אוניווערזיטעט, דעם קינסטלערישען דיינקמאָל פון יאַן סאָבייסקי און נאָך און נאָך.

איבער די גאַסען פליען שוין אום אויטאָמאָבילען מיט רוסישע אָפיצירען. אומעטום דרייען זיך אום סאָלדאַטען אין דער באַגלייטונג פון שטאָט-לייט. די באַוועגונג איז גרויס, דער עולם בעדיכט. מען שטייט אויף באַלקאָנען, אין פענסטער. די געשעפטען זענען אָפען. ס׳איז טומעלדיג, רוישיג און אין די מער באַלעבטע גאַסען איז ממש שווער דורכצוגיין. מיינע באַגלייטער

דערקלערען מיר, אַז לערך פופציג פּראָצענט פון דער באַפעלקע-
רונג האָבען די לעצטע צייט פאַרלאָזען די שטאָט. וואָס פאַר אַ
באַוועגונג וואָלט שוין געווען, ווען אַלע וואָלטען אויף די ערטער
בעזעסען?

די האַלטונג פון די סאָלדאַטען איז אַ פרידליכע, און די
באַפעלקערונג איז גאַסטפריינדליך—אַן אויסדרוק פון דאַנקבאַרקייט,
וואָס געגען אַלעמענס ערוואַרטונג איז נישט געקומען צו קרבנות
און פאַרוויסטונג...

אומעטום אין מען מכבד די סאָלדאַטען: ווער מיט עסענ-
וואַרג, ווער מיט „ציגאַרעטען" און ווער סתם מיט אויפמערקזאַמ-
קייט...

צו מיר גייען-צו אויף אַ הויפט-גאַס צוויי עלעגאַנטע פריי-
ליַנס און איינע נעמט-אַרויס פון איר רידיקיול שאָקאָלאַד און דער-
לאַנגט מיר. מיין אייגענליבע וואָלט אייגענטליך דערפון געקאָנט
ליידען: מען דאַנקט מיר עס פאַר מיין אָנשטענדיג האַלטען-זיך..
אָבער איר ליבליך שמייכעלע האָט מיך ווי איבערגעבעטען, און
איך באַדאַנק.

אַזוי בין איך אומגעגאַנגען אַ גאַנצען טאָג ביז רעכט פינ-
סטער.

איך קום צום פלאַץ, וואו מ'האָט זיך אָפּגעשטעלט און
געפין בלויז עטליכע פורען פון אָבאָז „ערשטער ראַזריאַד". איך
דערוויס זיך, אַז דער פאָלק איז אַוועק אויף נעכטיגען הינטער'ן
שטאָט און מיין ראָטע איז אַוועק צום צענטראַלען באַנהאָף אין
קאַראַנאָול. איך פאָר אַהין אין אַ טראַמוואַי. קיין בילעטען פאָדערט
מען נישט פון מיליטער-לייט. פאָר פראַנק און פריי כאָטש אַ
גאַנצען טאָג. אדרבה, דער קאָנדוקטאָר איז נאָך מכבד מיט אַ
פּאַפּיראָס אויך...

„דוואָרזשעץ"—הייסט דער באַנהאָף. איך קום אַהין אַריין
און געפין שוין כמעט אַלעמען שלאָפענדיג אין אַ גרויסען זאַל.
ס'איז פינסטער און איך זעה בלויז ווי ס'גלאַנצען גלעזערנע טירען.
דער פעלדפעבעל קומט פון ערגיץ אַרויס און הייסט זיך מיר
שטעלען פאַר אַ „דניעוואַלניע". אַרומדרייענדיג זיך אין דער פינ-

סטער, דערהער איך שפּעטער פון אַ צימער עפּעס אַ באַוועגונג. איך גיי אַהין אַריין—עטליכע סאָלדאַטען שטייען מיט אָנגעצונדענע ליכט איבער קופערטס מיט זאַכען און פּאָרען זיך דאָרט. חברה האָט דערשנאַפּט! טייערע אָנצוגען, שפּאָגעל-נייע וועש, אַלערליי הפצים און באַצירונגען ליגען אויסגעמישט און צעהאַרפּען און וואָס איינעם געפעלט, נעמט ער, וואָס נישט — אַ שמיץ אַוועק... אין איין קאַסטען ליגען אויסגעמישט אַלבאָמען, בריף, ביכער און ספרים, יודישע ספרים, סידורים, חומשים, מחזורים. אַ פּאָר תפילין...

אָט גיט איינער אַ שליידער אַ פּאָר קליינע גראַציעזע דאַמען-שיך מיט הויכע קנאַפּעל. און קוקענדיג דאַרויף, שטעלט זיך מיר פאָר אַן עלעגאַנטע דאַמע, אין פּולען טואַלעט, מיט קליינע קליינע פיסלעך, אין דורכזיכטיגע זאָקען און לאַקירטע קליינע פּאַנטאָפעל מיט הויכע קנאַפעל, — אין אָט די דאָזיגע פּאַנטאָפעל, וואָס מ'וואַרפט זיך דערמיט איצט אַרום — —

דער עולם ווערט גרעסער. איטליכער קריכט אַרום איבער די אומציילינע קאַבינעטען און קאַנצעלאַריעס, זוכט נישטערט, וואַרפט-איבער.

מ'האָט אגב געפונען עטוואָס רייצענדעס:

וויין... טייערער וויין. אויסער דעם ביסקוויטען, שאָקאָלאַד, קאָנפעקטען, פּוטער, קאָנסערוועון און גאָך און נאָך...

דער השק צושפּילט זיך ביי איטליכען און יעדער שטאָפּט צו זיך אין אַמוניציע-זאַק אַריין. מ'טרינקט, מ'קייט און מ'הערט נישט אויף צו נישטערן און זוכען. מען ברעכט-אויף אַלץ נייע שיינק און שופלאָדען. ביי אַנדערע צינט זיך אָן אַ געוואַלדיגע תאוה: זעסט מיט די אויגען אַזאַ גוטס און קאָנסט עס נישט נעמען...

אָט האַלט איינער אַ פּויער אַ טייערן קאָסטיום אין די הענט, דרייט אים אויף אַלע זייטען, באַטראַכט און קוועטשט מיט די פּלייצעס:

—נו, פּאַני, פּאַני, איר האָט עס אַביסעל געפּאַנעוועט...

און גיט עס אַ שמיץ אָן דער ערד.

אַזוי אַ גאַנצע נאַכט!

אַ גאַנצע נאַכט האָט מען געטרונקען, „מעלה גרה" געווען און קאַסטענס געבראָכען...

אינדערפריה דערוויסען מיר זיך, אַז דער פּאָלק איז אַוועק ווייטער און אונזער ראָטע מיט נאָך איינער בלייבען דאָ דערווייל אויף אָכראַנע ביים באַנהאָף. אין שטאָט רעדט מען, אַז עס איז געשלאָסען געוואָרען וואָפּענשטילשטאַנד אויף אַ פּאָר טעג, און אַנדערע לייכטגלויביגע האָבען דערין געזען אַ גוטען סימן: ווער ווייסט, אפשר וועט טאַקי אַ סוף נעמען?... אויפ'ן דריטען טאָג אָבער האָט אויפס'ניי אָנגעהויבען צו דונערן ערגיץ־וואו אין וויאָרסטען פון שטאָט...

מיר פאַרנעמען „פּאָסטענס" ביי עשאַלאָנען, דורכגאַנגען און טונעלען. דער באַנהאָף איז אַ מערקווירדיגער, די איינריכטונגען זעלטענע, גרויסאַרטיגע, ליניעס, וואַגאָנען, כּל־ערליי געביידעס — אָהן אַ שיעור. אויסער אַלעם—אַ קאָלאָסאַלער דעפּאָ מיט אומציי־ליגע מאָטאָרען און מאַשינען.—

אָ, וויפיל מיליאָנען! ס'אַראַ גוטס!

מיר האָבען זיך באַזעצט אין הפקר'דיגע וואוינונגען פון באַן־באַאַמטע, וואָס זענען צולאָפען געוואָרען. שיין־מעבלירטע סאַלאָנען און קאַנצעלאַריעס; גלענצענדע שרייב־טישען און ווייכע פּלושענע דיוואַנען... און מאָרגנע נישט האַרמאָניש איז עס געווען, בעת אַ פּויער פלעגט זיך אַריינזעצען אין אַ ווייכען שטול ביים שרייבטיש, בלעגט נעמען אין זיינע גראָבע אומגעשיקטע פינגער די קינסטלערישע פעדער, טונקען זי אין טוש־טינט און פירען אומגעלומפּערטע היעראָגליפען („קאָטשערעס" מיט „פּאָמעלעס"...) אויף קליינע פאַרביגע בויגעלעך פּאַפּיר:

Въ первыхъ строкахъ моего письма...

עס האָבען אָנגעהויבען צו קורסירען באַנען פון רוסלאַנד ביז יעמבערג, זאָן שפּעטער נאָך ווייטער אויך, און דער באַן־

האָך אין געוואָרען דער הויפּט־פּונקט פון׳ם מיליטער. אויפ׳ן גאַנ־צען פּלאַץ אַרום איז שטענדיג געווען פול מענשען. מענער, פרוי־ען, קינדער. אָרימע פלעגען עפּעס נאַשען אויך. דער דלות און מאַנגעל זענען געווען אומגעהויער גרויס. פון איטליכען ציווילען האָט מען נאָר געהערט איין קלאָג: נישטאָ נישט קיין ברויט, נישט קיין צוקער, נישט קיין זאַלץ... מ׳האָט זיך רחמים געבעט־טען ביי סאָלדאַטען, מ׳זאָל זיי עפּעס געבען אָדער פאַרקויפען. און אַז איין סאָלדאַט האָט זיך איינמאָל פאַרגלוסט צו וואַרפען שטיקער ברויט פון אַ הויכען אָרט ביי דער אייזענבאַן־ליניע, זע־נען אויף דעם אָנגעפאַלען מאַסען קינדער ווי די פליגען און ביי יעדען אַראָפּגעפאַלען שטיקעל ברויט פלעגען זיך די קינדער די־נעז אָפּרייסען און דער גליקליכער, וואָס אים איז עס אָנגעקומען, האָט דאָס ברויט גלייך פון דער ערד צום מויל צוגעטראָגען און מיט אַ באַזונדער מין תאוה געקייט...

גאַנצע מאַסען האָבען זיי זיך אַרומגעדרייט, די הונגעריגע, די פאַרשמאַכטע, אַלט און יונג, אַלט און יונג. דאָס רוב טראָגען נאָך אַנשטענדיגע קליידער, הוט האַנדשוה און שטאָק — אַ זכר פון פאַרשוואונדענער שפע... אין קעשענע איז אָבער פּוסט, און דער הונגער האָט שוין אויף די געזיכטער זיין חתימה געלייגט...

אין אָווענט ווידער פלעגען באַזוכען דעם פּלאַץ אַ היבש ביסעל אָנגעפאַרבטע און אָנגעפּודערטע „פריילינס“ (אמת, פיל פון זיי זענען גיכער ענליך געווען אויף באָבעס...). דערשמעקט סאָלדאַטען, זענען זיי געקומען פאָרלייגען זייער „דינסטפערטיג־קייט“... און ס׳האָט זיך טאַקי פאַר זיי געעפענט אַ פרישער קוואַל פון „פרנסה“.

אויסער דעם סאָרט מיט די „זינד־פּאַטענטען“ פלעגען קו־מען סתם דאַמען: פאַרזעסענע, דינסטען, פאַרפלאָגטע ווייבלעך פון רעזערוויסטען, דערשלאָגענע, וואָס הערען קיינמאָל קיין קאָמפּלי־מענט נישט אפילו... און איטליכער סאָלדאַט האָט שוין געהאַט זיין פּאָר. אַלע אָווענט פלעגען די ביינק אין דער טונקעלער באַנ־

האָף־אַלייע פול זיין מיט פּאָרלעך. ווער ס'האָט די ציין גע־בראָכן אויף פּויליש, ווער אויף דייטש. נאָר די טונקעלע בוי־מער פון דער אַלייע ווייסן, וואָס מ'פלעגט פון ווערטער מאַכען...

נישט איינעם האָט עס געקאָסט אַ טייערער פּרייז פון יסורים און שרעקליכען עקעל...

* *

וויפיל אונז איז באַשערט צו זיין דאָ איז אומבאַשטימט; נאָר דערווייל האָבען זיך די ביינער אויסגעגלייכט אויף די ווייכע סאָפעס, און די איינגעפאַלענע פאַרפינסטערטע באקען זענען בּיס־לעכווייז פולער און לעבעדיגער געוואָרען. גאַנצענע טעג איז מען געשטאַנען ביי די פּליטעס, געבראָטען, געקאָכט, געפּרעגעלט. די עשאַלאָנען זענען אויפ'ן באַנהאָף געווען פול און ס'האָט קיין זאַך נישט געפעלט: רייז, קאַרטאָפעל, קאָנסערוועז, שפּעק, פּוטער, ברויט און אַנדערע פּראָדוקטען. ס'האָבען אויך נישט געפעלט קיין ווייִנען, קיין ביר און קיין שנאַפּס. אויף די פּאָסטען איז אויס־געקומען נישט קיין סך צו שטיין און גרופּענווייז פלעגט מען זי־צען אַרום טישען. קאָרטען האָבען זיך געוואָרפען פון האַנט צו האַנט; גלעזער געקלונגען, גראָבע שטימען האָבען די לופט געריסען.

אַזוי אַלע טאָג, אַלע טאָג.

צי זענען עס נישט קיין געענ, וואָס מ'שטאָפּט די ווינטער־צייט פאַר'ן שחט'ן?... איבעריגענס, דאָס האָט יעדער געפילט. כמעט אַלע טאָג פלעגט מען דורכ'ן סטאַנציע דורכפירען גאַנצע פּאַרטיעס פאַרוואונדעטע, צווישען זיי אויך מענשען פון אונזער פּאָלק — און דאָס האַרץ האָט זיך אַלץ געשראָקען: אָט־אָט קומט־אָן אַ פּאַר־אָרדנונג מיר זאָלען זיך אויך רירען... אויף דעם סמך האָט מען געטרונקען נאָך אַ גלאָז און נאָך אַ גלאָז... אויסגעליידיגט איין פּע־סעל ביר—געבראַכט אַ צווייטע, אַ דריטע. אין די וואַגאָנעס האָט געקלעקט. פיל האָבען אַגב אַביסעל צוגעהאַנדעלט אויך מיט די הפקר'דיגע זאַכען פון די געביידעס... קיין געלט האָט נישט גע־פעלט און דאָס מויל האָט זיך גאָרנישט פאַרמאַכט...

מיין פּאַסט איז אַ טונעל. איך דאַרף נישט דורכלאָזען קיין ציווילע אָהן אַ „פּראָפּוסק" פון קאָמענדאַנט. שטענדיג דרייען זיך דאָרט דורך אַלערליי מענשען. איך ערווערב זיך באַקאַנטע.

נישט איין קוריאָז איז דאָרט פאָרגעקומען אויף מיין פּאָסט. אַנדערע, נישט האָבענדיג קיין דורכגאַנגס-צעטעל, פּלעגען מיך וועלען אונטערקויפען יעדער נאָך זיין ערך.

אַ פּוילישע פרוי, למשל, מיינענדיג, אַז איך בין אַ רוס, האָט מיר געוואָלט אונטערקויפען מיט... אַנטיסעמיטיזם.

—נישטאָ, נישטאָ קיין שווענטאָ!—האָט זי גלייך אָנגעהויבען, צוגייענדיג צו מיר מיט אַ שמייכעלע,—אויס יום-טוב פאַר זיי, פאַר די זשידעס. פריער האָבען זיי געפּאַנעוועט, איצט אָבער...

אַזעלכע העצע-רייד געגען יודען האָב איך דאָ שוין פיל מאָל געהערט פון די פּאָליאַקען. רעדלעכווייז פּלעגען זיי שטיין און האַלטען אין מיטען אַ רוסישען סאָלדאַט און אים דערציילען גיפט-מעשות וועגען יודען... און איצט, הערענדיג דאָסזעלבע אַלס „שוחד", האָט עס מיך פון געדולד אַרויסגעבראַכט. איך האָב פונדעסטוועגען יוצא געווען בלויז מיט אויפהויבען דעם „פּריקלאַד" און מיט אַ „פּאַשלאַ וואָן"—כאָטש ס'וואָלט אפשר אַ מצוה גדולה געווען אַראָפּצולאָזען דעם „פּריקלאַד"... נאָר טו מאַך מיט „רחמנים בני רחמנים"...

אַן אַנדער, בייוועזענדער האָט איר אין דער שטיל באַמערקט וועגען מיר, אַז דאָס איז אַן „איזראַעליט" און זי האָט גענומען כאַפּען צוריק:

—אַלע זענען גלייך: רוס, פּאָליאַק, איזראַעליט... אַלע זענען מענשען...

און זי האָט געוואָלט איך זאָל זי דורכלאָזען; זי האָט אָבער צום צווייטען מאָל געהערט אַ „פּאַשלאַ וואָן!"...

אַ געפאַלענע ווידער—אַ מיידעל מיט גאָלדענע ציין — האָט מיר פּשוט פאָרגעלייגט פאַר'ן דורכלאָזען דאָס, וואָס זי פאַרקויפט פאַר געלט...

איינער ווידער האָט מיר געבראַכט אַ פלעשעל שנאַפּס.

—ניין!—זאָג איך פעסט.

—אָט האַרעלקאָ, ערען וואָרט!
—ניין!
—ערען וואָרט!—שוועדט ער נאָך אַמאָל,—קומט איך וועל איך ווייזען, אָט דאָ אונטער׳ן פּאָלע.
—נאָך אַמאָל ניין!
—ס׳טייטש האַרעלקאַ? האַרעלקאַ?
ער האָט געקוועטשט מיט די פּלייצעס און האָט גאָרנישט געקאָנט פאַרשטיין, אַז אַ רוסישער סאָלדאַט זאָל קאָנען ביישטיין אַזאַ שווערען נסיון...
—כיבאַ פאַן איזראַעליט...—פאַלט אים נאָכדעם איין.
מיט מיין „סמיענאַ" (פאַרטרעטער) אָבער אויפ׳ן פּאָסט—אַ פּויער—זענען אַלע דריי דורכגעקומען: סיי די יודאָפאָבין, סיי די געפאַלענע מיט די גאָלדענע ציין און סיי דער, וואָס מיט דער „האַרעלקאַ"...

אין גאַס גיי איך אַלע טאָג. איך קום אַריין אין יודישע הייזער, פאַרברייננג, שפּאַציר, נאָר צייטענווייז איז אויפ׳ן האַרצען אַזוי פּיינליך, אַזוי שווער... טרעפּסט זיך מיט פרייע מענשען, וואָס גייען, ריידען, זיצען, שטייען ווען און וואו זיי ווילען, און דו?... שוין זיבען-אַכט חדשים ווי דיין „איך" איז ווי דערשטיקט, דיין ווילען שפּילט קיין ראָליע נישט. הייסט מען גיין—גייסטו, זאָגט מען „זיצען"—זיצסטו, שרייט מען „לויף"—לויפסטו, דו ערנסטער, דערוואַקסענער מענש מיט דיינע „אַנשויאונגען" און גאַנצען „קול-טור-באַגאַזש" אין קאָפּ... און די פיס מיט די גרויסע שטיוועל הויבען זיך אויף און אָפּ, אויף און אָפּ... ווער מיר „טאַקט", וואָס מיר „פיינער טאָן"... און דערצו נאָך—ענויים, וואַנזין, אימת מות...
שוין אַכט חדשים באַלד, ווי די זאַכען טיילען מיך אָפּ פון דער גאַנצער לעבעדיגער וועלט, און איצט, טרעפענדיג זיך מיט פרייע זעלבסטשטענדיגע מענשען, פילסטו זיך אַזוי הילפלאָז, אַזוי אונטערטעניג, און עס טראַכט זיך דערביי מיט ווייטאָג, אַז ערגיץ וואו אין אַ שראַנק הייגגט דאָך אויך דיין קאָסטיום „אַ לאַ איוראָפּאַ"...

איך גיי דאָ אום אַ פרעמדער, איינזאַמער איבער די טראָ־טואַרען פון פיינע גראַציעזע גאַסען, צווישען מחנות מענשען, און דער באַרג וואַקסט, וואַקסט...

עס ווילט זיך מיר זען, וואו עס קומען זיך צונויף אונזע־רע יודען, און איך גיי אין „טעמפעל״. ס'איז שבת פאַר ראש־השנה. אַז איך גיי אַריין, קומט מיר אַנטקעגען דער שמש און פירט מיך העפליך ..ויבען־אָן אויף אַ פרייען פלאַץ.

איך באַקוק די שול—זי מאַכט דעם איינדרוק פון אַ טעאַ־טער. צוויי באַלקאָנען רינגלען אַרום די ווענט, און דאָרט איז פאַר דאַמען. דער ארון־קודש איז אַ שיינער, קינסטלערישער. דער הויפט־חזן אין אַוועקגעפאָרען קיין ווין, און געבליבען איז זיין געהילף. ס'איז אויך פאַראַן אַן אָרגעל. אָבער נישט דער חזן דאַוונט און נישט דער אָרגעל שפילט, ווייל... „עס ליגען טוי־טע אויף די פעלדער...״ אַזוי האָט זיך אויסגעדריקט אַ יוד, וואָס איז נעבען מיר געזעסען.

ביים אַנידערזעצען־זיך האָט מיר דער דאַזיגער יוד אַ זאָג געטהון:

—ווען איך קאָן, וואָלט איך אייך אַ קוש געטון.

—פאַר וועלכע מעשים־טובים?—פרעג איך.

—סתם אַזוי—ענטפערט ער, — צי איר זענט פרום אָדער נישט—דאָס אַרט מיך נישט, נאָר איר מוזט אַודאי האָבען אַ יו־דיש האַרץ.

דער יוד איז מיר עפּעס געפעלען געוואָרען און איך האָב מים איס אַ שמועס פאַרפירט. ווייזט זיך אַרויס, אַז דאָס איז אַן אַנטלאָפענער פון זלאָטשעוו. מ'האָט איס חרוב געמאַכט אַ שטוב מיט אַ געשעפט פון שיינע טויזענטער און איצט מוז ער מיט זיין גאַנצען הויזגעזינט זיצען ביי פרעמדע טישען... אַגב דערציילט ער מיר, אַז ער איז דאָרט אין שטעטעל געווען אַ גאַנצער טו־ער ביי די ציונים; איז אויסער דער גוט באַקאַנט מיט היינע'ן, בעטע'ן, שילער'ן.

—איך איז, גלויב איך, נישט פרעמד היינע׳ס „פרינצעסין שבת״?—וויל ער מיך, משמעות, עקזאַמענירען...

—יאָ, יאָ,—ענטפער איך מיט אַ שמייכעל, און ליתר תוקף גיב איך צו:

—איצט זענען מיר אפילו שבת אויך קנאַפע „פרינצען״... איך האָב טאַקע געטראָפען אין ציל...

—איך זעה דאָך, אַז איר ווייסט...—זאָגט ער מיט התפעלות און גיסט נאָכדעם אויס פאַר מיר ביי „קריאת התורה״ זיין גאַנץ ביטער האַרץ.

און אַ מאָדנעם וויטאָג האָט ער אַרויסגערופען ביי מיר, אָט דער עלטערער יוד, וואָס איז פריער געווען אַן אָנגעזעענער מענש, אַ יוד—אַ משכיל, און איצט אָהן אַ דאַך, אָהן אַ ווינקעלע... נאָר וויפיל דערגרייכט זייער צאָל?— —

אין דעם טראָגט מיר צו דער שמש אַ טלית, וואָס איז גיכער ענליך צו אַ האַלזטוך, און זאָגט, אַז מ׳איז מיך מכבד מיט גלילה.

—דאָס קומט אייך!—באַמערקט מיר מיין יוד, קענטיג זעהר צופרידען.

—נו, נו, אַ שיינעם דאַנק!

ראש-השנה בין איך ווידער בעגאַנגען אין טעמפעל. איצט איז די שול געפאַקט פון מענשען. עס זענען געקומען פיל יודי־שע סאָלדאַטען, אַ פאָר מיליטער־דאָקטוירים און פאַרוואונדעטע פון די אָרטיגע לאַזאַרעטען. ס׳האָט געדאַווענט דער געהילפס־חזן מיט אַ גרויסען כאָר „הינטער די קוליסען״, פון וואַנען עס האָבען זיך אויך געטראָגען ווייכע קלינגענדיגע פרויען-שטימען... דער אָרגעל אָבער האָט אַלץ נישט געשפּילט.

די דאַוונערס זענען דאָ אַלץ קאַלטע, אָהן התלהבות, ווי געוויינליך אין אַ רעפאָרמירטער שול, וואו עס גלאַנצען הויכע צילינדערס... דעם גאַנצען רעש האָבען אָנגעמאַכט די יודישע סאָלדאַטען, וואָס האָבען טאַקי מיט׳ן גאַנצען האַרצען געבעטען

און געוויינט ביים „ונתנה תוקף“:

מי יחיה ומי ימות...

די ווערטער האָבען זעהר געפּאַסט צו זייערע הערצער...

נאָכדעם האָט זיך מיר פאַרגלוסט צו זען ווי עס דאַווענען די אמת-פרומע יודען, די אָרטאָדאָקסען, און איך בין אַוועק נישט ווייט פון דאָרט אין אַ חסידישע שול.

דער אַריינגאַנג איז דורך טרעפּ אין דער נידער.

אַ מיסטיש בילד האָט זיך פאַר מיינע אויגען געוויזען: טונקעלע ווענט, גרויסע אומעטיגע שויבען מיט'ן אָבשיין פונ'ם כמאַרבעם הימעל. הויכע דיקע פיר קאָלאָנעס אין מיטען אַרום אַ בימה, אַלטע פאַרצייטיגע לאָמפּען און הייגגלייכטער מיט ברענענדיגע ליכט. אויף די טונקעלע ווענט אויסגע'כתיבה'טע קאַפּיטלען און פסוקים. אויפ'ן מזרח-וואַנט דער כותל-מערבי אין טונקעלע פאַרבען. די גרויסע פירעקיגע שטיינער פון דער אַלטער-אוראַלטער וואַנט קוקען געהיימניספול...

איך בין אַהינגעקומען פונקט צו ונתנה תוקף. די שול איז געפּאַקט. און נישט קיין צילינדערס זעען זיך דאָ; נאָר גרויסע ברייטע שטריימלעך, לאַנגע גלאַנציגע פאות; קיטלען; זילבערנע עטרות. די התלהבות, די קולות זענען אָהן אַ גרענעץ. נישט קיין חזן, נאָר אַ פשוט'ער בעל-תפלה שטייט אויף דער בימה. ער שרייט-אויס אַ פסוק און דער גאַנצער עולם נאָך אים. עס רייסען זיך קולות, עס הויבען זיך הענט אין דער הויך. עס גיסען זיך טרערען... און עס דוכט זיך, אַז די שכינה אַליין מיט די כרובים שוועבט דאָ אין דער טונקעלקייט פון דער אַלטער שול...

ותשובה ותפלה וצדקה...

עס דונערט און עס שטורעמט, און דוכט זיך, אָט באַלד וועט טויט-שטיל ווערען און פון ארון-קודש וועט זיך אַ בת-קול דערהערען...

— — — — — — — — — — — —

צווישען ראש-השנה און יום-כפור האָט מען אונז סוף-כל-

סוף איבערגעגעבן, אַז עס זענען שוין געקומען „צלמים'לעך" (לאַנדשטורם) צו בייטן אונז... איפ'ן האַרצן ווערט אומעטיג-שווער און שרעקליך אומהיימליך... די וועטערן זענען שוין הערבסטיגע קאַלטע, רעגענדיגע... הייסט עס, אַז מען וועט זיך ווידער מוזן לאָזן אין וועג אַריין?!...

איין טאָג ווייזט זיך עס אַרויס פאַר ריכטיג: מ'האָט שוין אונזערע פּאָסטענס איבערגענומען און מיר זענען שוין „פריי" מענשען. דער עולם נעמט זיך שרייבען בריף אַהיים און מען געזעגענט זיך ווידער מיט נאָענטע און ליבע... אַנדערע גייען זיך פאָטאָגראַפירען און שיקען די בילדער אַהיים: טאָמער „וואָס" — זאָלען זיי כאָטש האָבען אַ זכר...

—אויס יום-טוב!—רעדט מען אומעטיג צווישען זיך—ווידער

—טאַ, טאַ, טאַ, טאַ... באָם! באָם! באָם!...

פאַרנאַכטליך גיי איך אַרויס אין גאַס—ס'איז געווען אַ טאָג פאַר יום-כפור—ווער איך געוואָר אַ טרויעריגע געשיכטע: מ'האָט געשאָסען יודען...

סאָלדאַטען גייען פון אַנטקעגען, פון גאַס, און דערציילען:

אַ סאָלדאַט האָט געוואָלט עפּעס קויפען ביי אַ יוד. דער יוד האָט, פאַרשטייט זיך, געפאָדערט געלט פאַר די סחורה; דער סאָלדאַט ווידער נעמט זיך צום קעשענע און מאַכט אַ געוואַלט, אַז מ'האָט ביי אים דאָס געלט-בייטעלע צוגעצויגען. ווערט אַ טו-מעל, אַן אָנגעלויף און איינער פון המון שיסט גאָר אויס פון אַ רעוואָלווער אין סאָלדאַט... צי איז עס אַ פּראָוואָקאַציע, צי דער אונטערשלאַק איז אַן אַנדער אומגעלומפּערטער—נאָר מער האָט מען נישט געדאַרפט. ווערט אַ געשריי: „די זשידעס שיסען!" כאָטש דער פאַרברעכער איז, ווי מען דערציילט, נישט פאַרהאַלטען גע-וואָרען. באַלד איז אַרומגערינגעלט געוואָרען דער גאַנצער קוואַר-טאַל, און איז גראָד פאַרבייגעגאַנגען אַ יוד, האָט ער געמוזט שטאַרבען אָהן ווידוי... אַ גאַנצע גאַס איז געוואָרען באַשאָסען. אומעטום האָבען זיך דאָרט נאָכדעם געזען געפּלאַצטע שויבען. צוריראַצטע ווענט און שטוקאַטורען. כמעט אין דער גאַנצער שטאָט זענען פאַרמאַכט געוואָרען טיר און טויער, און די גאַסען זענען

ווי אויסגעשטאָ־בען געוואָרן. מער ווי סאָלדאַטען האָבען זיך נישט געזען. מ׳האָט אויך דערציילט, אַז בעת דער שיסעריי האָט מען פון איין פענסטער מיט אַ פולעמיאָט געענטפערט, אָבער דאָס כפרה-הינדעל זענען געווען—די יודען...

צומאָרגענס, ערב-יום-כפור, איז נאָך אויך דאָס רוב גע-שעפטען געווען געשלאָסען און די באַוועגונג אין גאַס איז געווען אַ סך, אַ סך קלענער.

פאַרנאַכט בין איך געהאַט געגאַנגען אין טעמפעל צו „כל-נדרי". די גאַסען טויטע, וויסטע, און אַ מאָדנער טרויער האָט זיך געלייגט אויף די מויערן, אין אַלע ווינקעלעך. ס׳האָט געזיפט אַ דראָבנעס רעגענדעל, וואָס האָט נאָך שווערער און טיפער גע־מאַכט דעם אומעט. איך קום-צו צום טעמפעל—געשלאָסען. „וואַ־רום?"—פרעג איך אַ יודישען יונגענמאַן, וואָס איז געשטאַנען אין אַ טויער.

—פאַרבאָטען!—ענטפערט ער מיר — פאַרהאַקט אַלע שולען און בתי-מדרשים.

ער דערציילט מיר פון נעכטיגען הורבן; וועגען צו׳הרג׳ע־טע און צוקאַליעטשעטע... בלויז היינט פאַרנאַכט איז געווען אַ לויה פון ניין יודען מיט אַמאָל... דאָס איז געווען דער משפט פון „אָרדנונג" און „גערעכטיגקייט", דער בליץ-שנעלער משפט פון קוילען. וואָס אין איין אויגענבליק האָבען זיי לעבענס צוריסען און אַ גאַנצע רייה אגלים, יתומים, אלמנות געשאַפען... און אוי־סער די טויטע און צו׳ניזוק׳טע, זענען נאָך הונדערטער אין תפיסה פאַרשלאָסען.

לויט ווי דער יונגערמאַן דערציילט, איז עס טאַקי אַ דאַנק דער געמיינער פראָוואָקאַציע פון די יודען-פרעסער.

דאָס איז דער ערשטער פאַל! דער ערשטער טרויעריגער פאַל אין דעם אַלטען יודישליכען חסידישען לעמבערג, יודען זאָ־לען יום-כפור אין קיין שול נישט קאָנען דאַוונען. יודען געפי־נען זיך שוין דאָ ניין הונדערט יאָר און אין דעם אַלטען גאָל־דענעם פנקס פון דער קהלה וועט צום ערשטען צוקומען אַזאַ טרויעריגע פאַרצייכעניש. — — —

וואו־נישט־וואו האָט מען זיך מנינים־ווייז געקליבען, ווי
באַהאַלטענערהייט, אין דער שטיל. און בין איך אַריין אין אַזאַ
הויף, וואו עס האָט זיך פון ערגיץ אַ שטיבעל געריסען דער
טרויעריגער נגון פון כל-נדרי, בין איך שטיין געבליבען אָפּהיינ־
ציג, מיט אָפענע אויגען צום הימעל און אַ טיפער פיינליכער צער
האָט מיין נשמה דורכגענומען... זענען עס נישט די אַמאָליגע מאַראַ־
נען (אנוסים) פון שפּאַניען מיט זייערע קעלערס און בוידעמס,
וואו דער נגון פון כל־נדרי איז באַשאַפען געוואָרען? — — פלאַ־
קערן נישט ערגיץ קיין אויטאָ־דאַ-פע׳ען מיט מערטירער, וואָס
הויכען־אויס זייער נשמה אין פלאַמען און ברייגען אַרויס זייער
לעצטען „שמע ישראל״? — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — —

ענדליך...

אַ פּאָר טעג נאָך יום־כּפּור, אין דערפריה, גיט מען איבער, מען זאָל זיך קלייבּען, און זייגער צען־עלף רירט מען זיך שוין. מען גייט דורך פאַרשיידענע גאַסען־לאַנגזאַם און האַלב־פּלעגמאַטיש. און באַזונדערס נייגעריג קוקט מען אָן אַצינד די גאַסען, די מענשען.—אַדיע! אַדיע, לעמבערג! און ווי עס זאָל נישט זיין, וועט די דאָזיגע שטאָט בלייבען אַלס גוטע ערינערונג אויב אויב קיין קויל וועט דעם זכרון נישט צורייסען...

פונטק פיר וואָכען, גאַנצע פיר וואָכען געיום־טוב'ט און די ביינער אויסגערוט. איז עס דען נישט געווען ווי אַן אָאַזיס פאַר דעם וואַנדערער אין דעם ברענענדיגען לאַנגען מדבר?...

איין סאָלדאַט, אַ „זאַפּיעוואַלע“, ציט אויס פּלוצלונג אויף אַ דין קוויטשיג דיסקאַנטעל עפעס אַ זמר'ל און אַ קליינער טייל כאַפּט באַלד אונטער:

Лучше было. лучше было,
Не ходити;
Лучше было, лучше было,
не любити — — —

אָבער עס קלעבט זיך עפּעס נישט און דאָס ליד ווייסט באַלד אויפגעהערט און נאָר די שטיוועל קלאַפּען טעמפּ אין גאַסען־ברוק.

עפּעס נישט צום זינגען...

ביי דער זייט אויף די טראָטואַרען גייען נאָך עטליכע דאַמען, איינגעוויקעלט אין טיכער. זיי טראָגען עפּעס קליינע מתּנות־

פעקעלעך און באַגלייטען עס אונז אַרויס: דאָס האָבען אַנדערע פון אונזערע רייען, אַפּנים, שוין באַוויזען דאָ הערצער צו צוברעכען...

מיר גייען שוין אויף דער לעצטער גאַס. ווינציגער ווערען די הייזער און נענטער ווערט דאָס פעלד.

אַדיע און נאָך אַמאָל אַדיע!

מיר קומען-אַרויף אויף אַ שאָסיי-וועג, און עס ווערט נאָך אומעטיגער, נאָך טרויעריגער. אַ הערבסטיגעס וועטער. אַ גרויער פאַרנעפּעלטער הימעל. עס זיפּט אַ טריב, שיטער רעגענדעל. פּוסטע, היימוטיגע פעלדער... קאַלטליך, אומהיימליך...

— — — וואוהין?

די אָפיצירען גייען אין גוטע קורצע פוטערלעך און רעגען־באַלדאַכאָנען—אַלץ אַ דאַנק דער שטאָט מיט אירע „טראָפייען"... די סאָלדאַטען האָבען נאָר פאַרכאַפּט מיט זיך עסענוואַרג, וואָס ווערט אָבער קנאַפּער מיט יעדער שעה: ביי יעדען „פּריוואַל" עסט זיך אַז ס'איז פאַראַן. ביי די אָפיצירען ווידער רויטלען זיך דאַן אויך קדוש-גלעזלעך...

קיין סך גייט מען היינט נישט. בלויז אַ פופצען קילאָמעטער. עס רייסט זיך פון ערגיץ אַ ווינט אָפּ און עס נעמט די ביינער דורך. מיר בלייבען אויף נעכטיגען אין אַ קליין צורואינירט דערפעל. דאָס רוב הייזלעך פּוסטע, צובראָכענע, אָהן פענסטער. אין דער חורבה, וואָס מיין „ווזוואָד" פאַרנעמט, האָט קענטיג, געוואוינט אַ יוד. דאָס דערציילען די מזוזה אויף דער טיר און די שמות פון צופליקטע ספרים אויף דער פאָדלאָגע... מען פאַרשטעקט די פענסטער-לעכער מיט צובראָכענע טישען און ביינק, מען רוימט-אָפּ די פּאָדלאָגע פון די אָנגעוואָרפענע צושטויסענע „בעל-הבית'ישקייטען", מען פאַרשפּרייט מיט שטרוי — און פאַרטיג אַ „היים"...

קעגען נאַכט ווערט נאָך קעלטער. ס'הערט זיך, ווי עס שמייסט אין דרויסען דער רעגען. אין וויסטען קוימען וואָיעט מאָנאָטאָן דער ווינט און פאַרוויגט אין פיינליכע חלומות...

צומאָרגענס—דער זעלבער רעגענדיגער און טריבער טאָג. מען שלעפּט זיך ווייטער איבער׳ן שאָסיי. וואו-נישט־וואו וואַל-גער׳ן זיך אין די קאַנאַוועס צושמעטערטע האַרמאַטען, וואָגענס, רעדער, קאַסטענס פון גראַנאַטען, קוילען—אַלץ שפּורען פון שלאַכט.

קאַלט, אומהיימליך אויף דרויסען, קאַלט, אומהיימליך אויפ׳ן האַרצען...

וואָס רעגענט עס אַזוי? וואָס שמייסען די טראָפּענס אין פּנים?

און אין געדאַנק בליצט־דורך: אַ טויטער קערפּער (אפשר דער אייגענער?...) אויף אַ פעלד אונטערן כמאַרנעם הימעל, און דער רעגען גיסט און גיסט אויף דעם באַוועגלאָזען קערפּער...

אָ מזל, מזל! — — —

מיר דערנענטערן זיך צו אַ ישוב, אָדער בעסער צו אַ געוועזענעם ישוב. מ׳זעט נישט קיין מענשען. בלויז הויכע קוימענס סטאַרטשען צום הימעל ווי עדות פון עטוואָס שרעקליכעס, ווילדעס...

—יאַנאָוו?

אַ קליין שטעטעל געווען. ברוקירטע גאַסען, חורבות און חורבות. גאַנצענע טעג זענען דאָ געפלויגען קוילען און גראַנאַטען איבערן שטעטעל. צושאָסען, צובראָכען און פאַרברענט. וואו־נישט-וואו שטייען נאָך ווענט פון מויערן מיט טיר-און פענסטער-לעכער. אין איין אָרט ציען זיך שאַנצען פון פעלד און שניידען-דורך דאָס שטעטעל... אויף איין חורבה נורעט זיך אין די צושטויסענע ציגעל עפּעס אַ הונט און בילט אַזוי שרעקליך, אַזוי יאָמערליך... אַ סאָלדאַט גיט אים אַ ווייז דעם שטיק און דער הונט פאַרשווינט צווישען די חורבות.

אויף אַנדערע פאַרבליבענע ווענט זענען נאָך פאַראַן שילדען און אָנשריפטען פון יודישע געשעפטען... פון איין עק שטעטעל זעט זיך אַ צולעכערטער און פאַרשעמטער ווייסער קלויסטער מיט אַן איבערגעבראָכענעם קופּאָל. און דאָס אַלץ דערמאָנט, אַז דאָ איז אויך געווען אַ ישוב, אַז דאָ האָבען אויך מענשען געוואוינט...



א רגע רוה.

מיר פאַרלאָזען דאָס שטעטעל. אַרום איף די פעלדער, אויף אַ גאַנצער שטרעקע — שאַנצען און שאַנצען. גאַנצע רייען, איינע הינטער די אַנדערע. אומעטום זעען זיך שפורען פון זוים: דער׳הרג׳עטע פערד מיט אויסגערונענע אויגען, אַמוניציע, באַנקעס פון עסטרייכישע קאָנסערווען און נאָך און נאָך סימנים...

ערטערווייז ליגען ווילעס. אַנדערע הרוב׳ע, אַנדערע נאָך גאַנצע. ווייזט-אויס, אַז דאָ איז געווען אַ פראַכטפולעס דאַטשע-אָרט, און די לופט האָט אוודאי געשכור׳ט מיט׳ן אַראָמאַט פון בלומען און בוימער... איצט אָבער איז וויסט און לער. די מאָלערישע לאַנדשאַפט האָט דערפילט אויף איר שוים קאַלטע טויטע קער-פערס—און איר צויבער און רייץ איז פאַרשוואונדען געוואָרען... זי איז ווי גרוי און אַלט געוואָרען...

אָט ציט זיך אַ וואַלד, אַ טיפער, טיפער וואַלד, וואָס האָט פאַרהוילען אונטער זיינע פינסטערע פליגעל גאַנצע מהנות פון די קעמפענדע חיילות. אויך דאָ געפינען זיך שפורען.

אין איין אָרט ביים זוים פון וואַלד סטאַרטשעט אַן איינ-געבויגענער קרייץ: פשוטע צוויי שטעקענס טאַקי פונ׳ם זעלבען וואַלד, שטעקענס פון צוויי דינע ווייכע בעריאָזקעס, צוגעשלאָגען איינע צו די אַנדערע אין אַ קרייץ און עס שטעקט אַזוי איבער אַ לאַנגען אָנגעשאָטענעם בערגעל... אונטען איז צום קרייץ צוגע-שלאַגען אַ ברעטעלע מיט אַ האַלב-אָפגעמעקטער ציפער און אָנ-שריפט פון אַ בלייפעדער...

וויפיל מאַמעס נעבעך זיפצען און וויינען נאָך מיט אַ באַ-האַלטענעם בטחון: אפשר... אפשר וועט „ער״ זיך נאָך אומקע-רען... און זיי ווייסען נישט, אַז ערגיץ אונטער אַן איינגעבויגענעם בעריאָזענעם קרייץ איז שוין זייער האָפנונג באַגראָבען...

נישט ווייט דערנעבען אַ צווייטעס שמאָל אָנגעשאָטען בערגעל. און שוין נישט קיין קרייץ סטאַרטשעט דאָ, נאָר אַ קליין סלופּטשיק מיט אַן אָנגעשלאָגען ברעטעל דאַרויף. איך בויג זיך אָן – יודישע, מיט אַ בליישטיפט אויסגע׳כתיבה׳טע אותיות: „פ. נ. יצחק ב. ומשה ט. מעיר... ת. נ. צ. ב. ה.״

ווייזט־אויס, אַז צווישען די גרעבער זענען אויך יודען גע־

חען און די צוויי יודישע קרבנות באַוונדער צו ־ בּרה געבּראַכט.

מיר קומען אויף נעכטיגען אין אַ דאָרף. דער ווינט און רעגען הערען נישט אויף. מיר צולייגען זיך אין פוסטע שייערען, און מ'נורעט זיך אינ'ם ביסעל שטרוי אונטער זיך.

דעם מאָרגענדיגען טאָג האָבען מיר געהאַט רוה: אַ „דניאָווקע". דאָס וועטער איז נאָך אַלץ אַ שלעכטעס.

איך זיץ ביים בעל־הבית פון שייער — אין אַ פאַררויכערטער באַטע — און קוק זיך צו צום דלות.

דער פויער דערציילט מיר אויס זיין גאַנץ ביטער הארץ. שוין אַ צייט ווי מ'זעט ממש קיין שטיקעל ברויט נישט פאַר די אויגען. אין גאַנצען דאָרף נערט מען זיך נאָר מיט קאַרטאָפעל און קרויט. און ווירקליך, די גאַנצע צייט וואָס איך זיץ דאָרט, זעה איך ווי דאָס ווייב זיינע, די פויערטע, פּאָרעט זיך נאָר מיט קאַרטאָפעל. שאָבט, רייבט, באַקט און מאַכט מיט זיי „קאָמבינאַציעס". פון תבואה איז ביי קיינעם קיין זכר נישט געבליבען. דאָס מיליטער, פריער זייערס, נאָכדעם אונזערס—האָט אַלץ, אַלץ צוגענומען. געבליבען איז אים בלויז אַ קליין קיעלע, וואָס מ'האָט עס אים איבערגעלאָזען מחמת קעלביגקייט... אגב דערציילט ער אויך, אַז ער אַליין איז שוין אויך געוועזען אַלס רעזערוויסט אויפ'ן סערבישען פראָנט, נאָר מחמת קראַנקהייט האָט מען אים אַהיים געלאָזט, צוליב זיין באַפרייאונג, ווייזט-אויס, איז ער געוועזען אין גוטער „לוינע" און ער האָט מיר געוויזען מיט אַ שטעקען „נומערען" פון פעכטען-קאַמף...

—רעכטס, לינקס! פאָרווערטס! — האָט ער מיט'ן שטעקען העויות געמאַכט...

ביי טאָג האָב איך צוגעזען זייער מיטאָג. דאָס ווייב האָט עפּעס געמאַכט אַזעלכע מיני קרעפּלעך, קרויט-בלעטער געפילט מיט צוריבענע קאַרטאָפעל.—און די אָפּגעריסענע קינדער, מיט די גרויסע פון קאַרטאָפעל-אָנגעבלאָזענע בייכער און בלאַסע פנימ'ער, האָבען עס דורשטיג געשלונגען און זיך באַלעקט, און זייערע אויגעלעך האָבען געפינקעלט מיט אַ פייכטען גלעזערנעם גלאַנץ...

—אַזוי לעבען מיר—האָט דאָס ווייב זיך געקלאָגט,—אין דער־פריה געשאָבענע, בייטאָג געריבענע, אין אָוועגט מיט שאָלעכץ און אַ גאַנצען טאָג געבאַקטע...

בעת אונזער קיך האָט מיטאָג געטיילט, האָט מען זיי אויך באַזאָרגט—און זיי האָבען דערפאַר מיט דאַנקען און ברכוֹת פאַרשאָטען. ס׳איז ביי זיי ממש יום־טוב געווען. מיר האָבען דאַן אויך ברויט באַקומען, און איך האָב צוגעהערט, ווי דער פויער האָט מיט שוים אויף די ליפען דערציילט זיין ווייב, אַז ער האָט אַליין מיט זיינע אויגען געזען, ווי מ׳האָט געטיילט די סאָלדאַטען ברויט...

—שיינע, פיינע, קיילעכדיגע לעבעלעך ברויט,—האָט ער איר מיט די הענט אָפגעמאָלט.

פונקט ווי ברויט וואָלט ביי זיי אָלעמען אַ ווייטע פאַנטאַזיע, אַן איבערנאַטירליכע ערשיינונג געווען...

און גייט מען אַרויס אין דאָרף, לויפען נאָך קליינע באָר־וועסע קינדער מיט אויסגעבלייכטע פנימ׳לעך:

—דאַי כליב, דאַי כליב!

אָבער ביי וועמען בעטען זיי? ביי נאָך אומגליקליכערע פון זיי?...

דלות, חורבן!

אך, וואָס וועט פון מענשען ווערען? — — — —

איך ליג אין שייער אויפ׳ן ביסעל שטרוי, די הענט אונטערן קאָפּ און קוק שטום אַרויס דורכ׳ן אָפענעם טויער אין כמורנעם דרויסען. פונקט אַנטקעגען איז אַ בית־עולם. אַ רוהיגער דאָרפשער בית־עולם. שיטערע בוימלעך, שטיינער און צלמים. דאָ ליי־גען די ביינער פון מענשען, וואָס האָבען אָפגעלעבט זייערע יאָרען און רוהיג געשטאָרבען מיט אַ נאַטירליכען טויט אין זייערע אייגענע ד׳ אמות, צווישען ליבע און נאָנטע.

אַ היימישער בית־עולם. עס דערמאָנט זיך דאָס אייביגע בערגעל ביים אייגענעם שטעטעל. אַ מאָדנעם געפיל רופט ער

שטענדיג אַרויס. אַ וואַרעמען אומעט וועקט ער אויף אין דער נשמה. דוכט זיך, אַז נישט מיט אַלעמען שטאַרבט מען דאָרט. אָפטמאָל ליגט עמיצער איבערן קבר: רעדט, גיסט-אויס דאָס האַרץ, וויינט און באַנעצט די ערד מיט טרערען, און דער וואָס ליגט אינעווייניג דאַרף עס, דוכט זיך, פילען...

אָבער... אַלץ איז איצט אַ ספק. סיי דאָס לעבען גופא און סיי דער היימישער אייביג-רוהיגער בית־עולם, וואָס האָט פון דער קינדהייט אָן ערפורכט דערוועקט און סודות פון די, וואָס רוען אונטער די מצבות, דערציילט...

— — — — — — — — — — — — — — —

וו־וו-וו-או־או... פייפט דער ווינט דורך די לעכער פונים שייער און די געדאַנקען טראָגען נאָך אַוועק ווייטער, ווייטער... דאָס טרויעריגע וואָיען וועט, דוכט זיך, באַלד דעם פיינליכען פלאָנטער אין קאָפּ פונאַנדערנעמען, און דאָס אומבאַשטימטע, פאַר־באָרגענע פותר־זיין, פאָרויסזאָגען...

וו־וו-וו־וו־אר־או-או...

אוי אָרעם ביסעלע שטרוי, א גרויזאַמעס מזל! — — —

אויף מאָרגען אין דערפריה גייט מען ווייטער. דער שאָסיי איז אַ צוקאַליעטשעטער. נאַסקייט, בלאָטע. מיר קומען אין אַ שטעטעל.

—יאַוואוראָוו!

מיר רוען זיך אַביסעל אָפּ.

דאָס שטעטעל איז האַלב־וויסט. טייל גאַסען פאַרברענט. טייל סתם פוסטע, אָהן מענשען.

איך גיי אַריין אין אַ יודיש הויז. ס'איז דער ערשטער טאָג סוכות. אין שטוב איז אַביסעל אויפגעראַומט. דער בעל־הבית קומט־אָן פון דאַוונען און איז מיר מכבד מיט אַ „שלום־עליכם". ער דערציילט, וואָסערע שרעקען זיי האָבען נישט לאַנג איבערגעלעבט. איבערן שטעטעל האָבען זיך גראַנאַטען געריסען. יודען האָבען זיך בעת־מלחמה אין שול פאַרקליבען און... גאָט גערופען... און

ווי אומעטום—הונגער, הונגער, הונגער!

מען פאַרלאָזט דאָס שטעטעל.

אין האַרצן דריקט אַ שווערער, שווערער שטיין. יום-טוב! שלעפּ זיך אין בלאָטע און אין רעגען.. וואוהין און צו וואָס?...

פאַרפלוכטעס לעבען! ווענעס קללה איז אויף דער וועלט געפאַלען? — — —

נעכטיגען נעכטיגט מען ווידער אין אַ דאָרף, און מאָרגען קומט מען אָן אין אַן אַנדער שטעטעל..

—קראַקאָוויעץ.

מיר פאַרנעמען אַ פּוסט הויז. אויף די טירען מזוזות. אויף דער פּאָדלאָגע אַ גאַנצער מיש-מאַש פון כל-ערליי זאַכען, צובראָכענע און צוריסענע קונסט-בילדער, פּאָרטרעטען, ספרים, געזאַמעלטע ווערק אין דיקע בענדער; אַ גרויסע דיקע ענציקלאָפּעדיע, צושאָטענע בריף און אַנזיכטס-קאַרטען, צובראָכענע טייערע מעבעל, פעדערן פון אַ צוטרענטער קישען...

מ'פאַרמאַכט די פענסטער און מ'נעמט זיך הייצען דעם אויוועט, מיט וואָס האָט נישט געפעלט: טייערע ראַמען פון פּאָרטרעטען, שטולען, שראַנקען—אַלץ אין אויוועו!... איינער הויבט אויף פון דער ערד אַ באַנד פון דער ענציקלאָפּעדיע אין דייטש, קוקט, קוקט דערין און גיט עס אַ וואָרף אָן דער ערד:

—ע, זשידאָווסקי!

אַ צווייטער ווידער הויבט עס אויף און לייגט עס גלייך אין ברענענדיגען אויוועו אריין...

איינער לויפט אַריין פון אַן אַנדער צימער מיט אַ „של-ראש” אויפ'ן קאָפּ און מיט אַ תפילין-זעקעל אין האַנט: — זעט, זשידאָווסקי הערנער!

אַן אַנדערער גייט-צו צו אַ טרומאָ-שפּיגעל, וואָס איז נאָך על-פּי-נס ביז איצט גאַנץ געבליבען, קוקט אין אים אַריין, פאַרדרייט זיך די קורצע געלע שטעכיגע וואָנסעלעך און גיט פּלוצלונג אַ זעץ מיט דער פויסט אין דער מיט פון שפּיגעל:

—זשידאָווסקי גוטס, צום טייוועל!

ס'אַראַ טייער צוגעפּאַסט וואָרט פאַר אָרגיעס: „זשידאָווסקי”...

איך קוק מיך צו צו די צושטויסענע האָב-און-גוטס און קלער: וויפיל מיה און אַרבעט האָבען מענשען אין אַלץ אַריינ-געלייגט, וויפיל האָבען זיי געשפּאָרט, געקליבען. דאָס איז דאָך די מיה פון דורות—פון טאַטעס, זיידעס און עלטער-זיידעס—און פּלוצלונג—פייער, חורבן, רויך.

איך גיי אַרויס אויפ'ן גאַס: וואָס מאַכען עפּעס אחינו בני ישראל?

ס'איז דער צווייטער טאָג סוכות. נעבען אַ שטוב שטייען אַ פּאָר יודען. איך גיב זיי אָפּ „גוט-יום-טוב!" און זיי דערציילען מיר גאַנצע געשיכטעס, פון וואָס די האָר שטעלען זיך קאַפּויר. כמעט אַלע איינוואוינער זענען צולאָפען און דאָס שטעטעל איז פּוסט, וויסט. די פאַרבליבענע הייזער זעען אויך אויס ווי חורבות, די קראָמען צוראַבירטע. בלויז סאָלדאַטען דרייען זיך אום הין און הער.

אויפ'ן גאַס לויפען-נאָך נאָך מיר אַ פּאָר קליינע באָרוועסע יודישע מיידלעך און בעטען זיך מיט וויינענדיגע קול'כלעך:

—אַ שטיקעל ברויט! אַ שטיקעל ציקער!...

פאַרנאַכט גיי איך אַריין אין שול. פינסטער, חושך, מרה-שחורה אין די ווינקעלעך. בלויז איין איינציג חלב'ן ליכטעל ברענט ערגיץ אין דער הויך אין אַ הייננג-לייכטער. אין דער טונ-קעלקייט דרייען זיך אַרום ווי טרויעריגע כילועטען יודען אין שוואַרצע לאַנגע קאַפּאָטעס, אין גרויסע שטריימלעך, לאַנג-פאַר-דרייטע פּאות, און אַלע זענען ווי שטומע, אַלע שווייגען... פון צייט צו צייט רייסט זיך בלויז דורך אַ שווערער זיפץ:

—טאַטע-פאָטער!—

דערזען, אַז איך בין אַ יוד, האָבען די אַלע שטומע און שווייגענדיגע מיך אַרומגערינגעלט. „וואָס קאָן זיין דער סוף?"...—פרעגט מען מיך:—מען הונגערט, מען טריקענט און מען ווערט פאַרשמאַכט פון טאָג צו טאָג. מ'האָט שוין פאַרגעסען די מראה פון ברויט. יום-טוב—נישטאָ איבער וואָס „המוציא" צו מאַכען. די איינציגע זאַך, מיט וואָס אַלע נערען זיך, איז, ווי אומעטום,

איין יוד פרעגט מיך, צי איך האָב אַ „שטיקעל ציקאָר".

„די מוטער—זאָגט ער — האָט נישט וואָס צו געבען דעם זויג-קינד... כאָטש אַביסעל זיס וואַסער מאַכען"...

אַ צווייטער יוד ווידער בעט ביי מיר אַ פּאָר שוועבעלעך, פייער צו לייגען. דאָס איז אויך נישטאָ. ס'איז נישטאָ נישט קיין ליכט, נישט קיין נאַפט. מ'זיצט אין דער פינסטער גאַנצע אָוונטען, אָט ברענט שוין איצט אין שול דאָס לעצטע, לעצטע ליכטעל — — —

נאָכדעם דערציילט מען מיר. אַז די ערשטע צייט, בעת „אונזערע" זענען אַריינגעקומען, האָט מען דאָ אין שול פערד אַריינגעפירט, שטענדערס געבראָכען, ספרים געריסען און דערמיט „קיפּיאַטאָק" געקאָכט...

מען שטעלט זיך דאַוונען „מעריב".

—והוא רחום...

דער ניגון פון בעל-תפלה איז אַ געבראָכענער, אַ שטילער, אַ הכנעה'דיגער, עס רייכט ביי דער נשמה.

איך קער זיך צוריק „אַהיים" דורך די פינסטערע אומעטיגע געסלעך.

איך קום אַריין אין דער חורבה—עס בלענדט אַ ווייסקייט.

וועש! נייאינקע וועש.—

דער גאַנצער „וואָוואָד" טוט זיך איבער.

עס זענען פאַראַן באַזונדערע שבאָרער, וואָס וואוהין זיי זאָלען נישט קומען, הויבען זיי באַלד אָן צו נישטערן און זוכען. און דאָ ביי דער חורבה, אויפ'ן הויף, האָבען זיי דערשמעקט אַ פּאַר-שטעטענע גרוב. מ'האָט פון דאָרט גאַנצע קאַסטענס אַרויסבאַקי-מען און אַלץ זענען אויף דעם אַרויסגעכאַלען ווי די בינען. מען כאַפּט וועש, טייערע געהאָפטענע האַנטיכער, וואָס האָבען פריער זאָלען באַפּוצט, קליינע, זיידענע טאַשען-טיכלעך, וואָס זייער אָרט איז שטענדיג אין מיידעלשע רידיקיולען... פּראַכטבולע כערוועטען צורייסט מען אויף „פּאָרטיאַנקעס"...

איין כויער האַלט אַ פּליושענעם דאַמען-זשאַקעט און קלערט

וואָס דערמיט צו טון. באַלד פאַלט אים איין אַ גליקלעכער געדאַנק: ער וועט פון דעם מאַכען אַ קאָלנער צום שינעל.

ער שניידט אויס פון פלייצע אַ שטיק פליוש, פּאַסט עס צו צום קאָלנער פון שינעל, קוקט עס אָן, און באַמערקענדיג, אַז עמיצער האָט פון אים אַ לאַך־געטאָן, טוט ער עס אָן דער ערד אַ שליידער...

דער וועוואָדנער אַליין געפינט אַ ווייסען באַל-זשילעט. ער טוט עס אָן אויף זיך, טשעפּעט אָן אַ זייגער מיט אַ קייט און פּאַטשט זיך ברייטליך מיט דער גראָבער האַנט אין ברוסט: אַכ־טונג... דרך ארץ...

איין פויער האָט נעבעך פאַרשפּעטיגט און שוין גאָרנישט געפונען פאַר זיך. צווישען די שיריים האָט ער גאָר געפונען דאַ-מען־וועש. אַ ווײַלע שטייט ער איבער דעם, קלערט, קלערט, קוקט זיך צו ווי אַנדערע „פראַנטעווען“ אין בלאַנקענדיגער ווייסקייט, און לסוף גיט ער אַ מאַך מיט דער האַנט:

—צו אַלדי רוחות, אַבי עס וועט נישט בייסען...

און מאָדנע לעבערליך און טרויעריג האָט ער נאָכדעם אויסגעזען, דער מגושמ'דיגער בערדיגער פויער, אין די ווייסע דאַמען־פּאַנטאַלאָנען און דעקאָלטירטער העמד מיט שפּיצען...

צומאָרגענס—ווייטער אין וועג.

דער רעגען הערט גאָרנישט אויף און דער ווינט ווערט אַלץ שניידענדיגער. דער וועג איז אַ בלאָטיגער, אַ זומפּיגער. פון ביידע זייטען אין די קאַנאַוועס וואַלגערן זיך פיל צו'פגר'טע און דער־הרג'עטע פערד מיט געשוואָלענע בייכער. אַזוי לייגג־אויס דעם גאַנצען וועג, אויף צוואַנציג־דרייסיג טריט איינע פון די אַנדערע. עס ליגען אויך צעוואָרפען פיל אַמוניציע און צושמעטערטע האַרמאַטען און נאָך אַנדערע זאַכען; און דאָס אַלץ זאָגט עדות וועגען אַ פאַרגאַנגענער גרויסער שלאַכט.

די בלאָטע ציט-אַרויס דאָס לעצטע ביסעל כח און דער הונגער פרעסט צונויף דאָס האַרץ ווי מיט צוואַנגען...

פֿאַר די אויגען קומען מיר די יודען אין די גרויסע טיפֿע שטריימלען, וואָס האָבען ביי מיר אַ „שטיקעל ציקאָר" געבעטען... און כאָטש זיי זענען גענוג אומגליקליך, פֿונדעסטוועגען רופֿען זיי איצט אַרויס ביי מיר נישט קיין מיטלייד, נאָר אַ געפֿיל פֿון קנאה (אומשטיינס געזאָגט!...)؛ ווי גליקליך, דוכט זיך, דאַרפֿען זיי זיך פֿילען אין דעם קליינעם וואַרעמען, פֿינסטערן שולכעל!...

מיר דערשלעפּען זיך ענדליך אויף נעכטיגען אין אַ דאָרף.

שאַ, גוט מאָרגען! דאָ הערען זיך שוין די דונערן פֿון האַרמאַטען... פֿון ערגיץ־וואו פֿון האָריזאָנט ביטערן עס און קייקלען זיך די קלעפּ: דאָס באָמבאַרדירט מען פּשעמישל...

האַלב פּוסטע שייערען—דאָס איז די „היים".

פֿאַרנאַכט האָט דער רעגען אויפֿגעהערט, נאָר דער ווינט האָט זיך פֿאַרשטאַרקט. דער הונגעריגער עולם דרייט זיך אַרום אין די שינעלען, גראָבט קאַרטאָפֿעל און לייגט־אויף קאָסטערס. ס'איז שוין פֿינסטער און דער „אָביעד" איז נאָך נישט פֿאַרטיג. די רייען שטייען שוין מיט די קעסעלעך ביי דער קיך, אָבער, מעשה שטן, שווימט די קרויט פֿון אויבען און איז נאָך גרין. דאָס פֿייער נעמט זי נישט!—מען קוקט דערויף מיט דורשטיגע אויגען: ווי וואָלט עס דערוואַרעמט אינעווייניג דעם פּוסטען הונגעריגען מאָגען!...

—גיב אַזוי ווי דאָס איז!—שרייט מען צום קאַשעוואַר.

—ס'טייטש, ווי אַזוי?!

—גיב! גיב!—האָט מען געשריען פֿון אַלע זייטען. און דער קאַשעוואַר האָט געמוזט טיילען נאָך רויע קרויט. דורכגעקעל־טערטע, הונגעריגע, פֿאַר'חלש'טע, האָט מען דורשטיג געזופּט דאָס הייסע מוטנע וואַסער און געקייט די גראָבע האַרטע, אָבער וואַ־רעמע, קרויט־בלעטער...

—די קויל וועט פֿריער דער'הרג'ענען, איידער מ'וועט קראַנק ווערען...

איך קום אַריין אין אַ דערבייאיגער כאַטע זיך אָנוואַרעמען —פֿינסטער, מרה'שחורה'דיג. פֿון ערגיץ אַ ווינקעל רייסט זיך עפּעס אַ שטילעס אָנמעכטיגעס קרעכצען. אָבער זען זעט מען קיי־

נעם נישט. נעבען אַ פענסטערל טיילט זיך אויס פון דער פינ-סטערניש אַ שאָטען פון אַ מענשען. איך דערנענטער זיך—אַ פוי-ערטע מיט אַ שווייגענדיג קינד אויפ'ן שויס.

—ווער קרעכצט עס? — פרעג איך.

—קיינער נישט... דער אַלטער איז קראַנק...

—וואָס טוט איר אים?

—וואָס קען איך אים טון? אַן עלטערער מענש... שטאַרבט אַוועק...

איך לאָז זיך אַראָפּ אויף עפּעס אַ בייַנקעל און קוק זיך שטאַרק אַיין אין דער ריכטונג, פון וואַנען די קרעכצען טראָגען זיך פון צייט-צו-צייט. די אויגען ווערען ביסלעכווייז צוגעוויינט צו דער פינסטערניש, און די שוואַרצקייט ווערט אַביסעל שיטע-רער. עס שניידט זיך אויס אַ בעט, אַ שוואַרצער צודעק און אַ טונקעלער פנים פון אַ מענשען.

—וואָס איז אייך, זיידע? — שיק איך אַ פראַגע אין יענעם ווינקעל.

קיין ענטפער. דער קאָפּ, וואָס ליגט דאָרט אויף עפּעס, האָט זיך אפילו קיין ריר נישט געטון. ס'האָבען זיך נאָר רעגעל-מעסיג די קרעכצען געטראָגען.

לאַנג האָב איך דאָרט נישט געקאָנט זיצען. דאָס אומעטיגע פינסטערניש, די פויערטע מיט'ן שווייגענדיגען קינד אויפ'ן שויס, דאָס טונקעלע ווינקעל מיט'ן שטאַרבענדיגען האָבען מאָדנע דאָס האַרץ געריסען...

אויף מאָרגען אין דערפריה בין איך ווידער אַהין אַריין. דער קאָפּ, וואָס האָט זיך נעכטען קוים געזען פון דעם טונקע-לען ווינקעל, איז שוין אינגאַנצען איבערגעדעקט. אַנטקעגען זיצט די פויערטע מיט'ן קינד אויפ'ן שויס און אירע אויגען זענען אַראָפּגעלאָזט און ווי צוגעשמידט צו דער פאָדלאָגע.

איך פרעג שוין נישט. איך פאַרשטיי...

אַ גליקליכער מענש!—קלערט זיך—אויסגעלעבט זיינע יאָרען און געשטאָרבען אין אייגענע פיר ווינקעלעך, אויף אַ בעט — —

ווייטער געגאַנגען.

דער ווינט האָט זיך געריסען, געדרייט און ענדליך אויף ווייסע פליגעל אַ שניי געבראַכט. לייכטע פוכיגע שנייעלעך. אַ גרוס פון ווינטער! אונטען אָבער אויף דער טיפער בלאָטע איז עס נישט קענטיג. קאַלט און כמאַרנע. וויסטע און פוסטע שטרעקעס. ערגיץ קיין סימן פון קיין לעבעדיג וועזען. אומעטום נאָר די שרעקליכע שפורען...

אין איין אָרט באַגעגענען זיך יאָ לעבעדיגע, אָבער דאָס זענען סאַפּיאָרען, וואָס רעסטאַווירען עפּעס אַ צושטערטע בריק.

ס'אַראַ זומפּיגע בלאָטע. די פיס זאָגען זיך אָפּ צו פאָלגען. אַלע זענען דורכאויס פאַרשפּריצט און פאַרשמוצט.

שפּעטער גייען מיר איבער אַ לאַנגע בריק איבער'ן סאַן. די דאָזיגע בריק האָבען „זיי" אויף פאַר'ן אָפּטרעטען צוריסען; איצט איז זי ווידער צונויפגעשטעלט און עטליכע „צלמים'לעך" מיט „בערדאַנקעס" דרייען זיך אום הין און צוריק.

ביסלעכווייז, ביסלעכווייז ווערען די ווייסע טויבע קלעפּ פון האַרמאַטען אַלץ נענטער, נענטער... די אויגען קוקען ווייט אין האָריזאָנט, ווי זיי וואָלטען עפּעס באַמערקען געוואָלט; אָבער די גרויע שווערע וואָלקענס באַהאַלטען, פאַרהוילען אַלץ הינטער זיך און ווייזען נאָר אַ רעטעניש...

מיר קומען ווידער אין אַ יודיש שטעטעל —

ראַדימנאָ.

אונזער היים אויף צו נעכטיגען — אַ יודיש צוראַבירט הויז. שיינע, רייכע צימערען און קאַבינעטען. גלעזערנע טירען, צובראָכענע, צושטויסענע מעבעל. „סימנים", — עקעלהאַפטע סימנים אויף דער פּאָדלאָגע, — ווייזען, אַז דאָ זענען שוין סאָלדאַטען געווען. אויפגערוימט, מיט שטיקער מעבעל אין אויווען אויסגעהייצט, אײַבערגעוואָרפען אַ גרויסע שראַנק קאָפּויר, שטרוי דאַרויף פאַרשפּרייט — און איבערגענעכטיגט. דעם מאָרגענדיגען טאָג האָבען מיר ווידער רוה.

איך גיי אַרויס אין גאַס באַקוקן דאָס שטעטל.

די גאַסען זענען פאַרבלאָטיגט און פאַרשמוצט. צוזבראָכע-נע טירען און פענסטער. קראָמען—צוראַבירטע, אָפענע, פוסטע — קוקן אַרויס אין גאַס ווי פינסטערע מיילער פון קברים.

פון אַנטקעגען גייט מיר אָן עפעס אַן עלטערער יוד, אַן איינגעהויקערטער, אַ הכנעה'דיגער, הויבט-אויף אויף מיר אַ פּאָר או-מעטיגע אויגען און זאָגט מיר אין דער שטיל:

—גוט מאָרגען!

ער דערקענט, ווייזט־אויס, אַז איך בין אַ יוד.

אין האַרצען האָט עס מיר אָבער שטאַרק באַנג געטון. ער פילט זיך אַנטקעגען מיר אונטערטעניג... אָט דער אַלטיטשקער יוד מיט'ן איינגעבויגענעם רוקען און גרויען קאָפּ... אינסטינקטיוו שטעל איך זיך אָפּ, דריי זיך אויס און קוק נאָך, ווי דער זקן פּויזשעט קוים, אַ טריט נאָך אַ טריט, ביז ער פאַרשווינדט ערגיץ אין אַ זייט. ס'האָט זיך מיר אייגענטליך געוואָלט ריידען דאָ מיט עמיצען, אָבער דעם זקן האָב איך נישט געקאָנט אָפּשטעלען: אפשר וואָלט מיין דערנעענטערונג צו אים לכתחילה אים גאָר אי-בערגעשראָקען?...

פון אַ פענסטער דערהער איך געמען פון אַ קלאַוויר.

ווער איז דאָ איצט אַזוי מוזיקאַליש?...

איך גיי אַהין אַריין דורך דער צעפענער טיר און זעה, ווי אויף דער פּאָדלאָגע ליגען אויסגעלייגט סאָלדאַטען. אין מיטען שטוב שטייט אַ קלאַוויר און איין סאָלדאַט שטורכעט מיט די אום-געשיקטע פינגער די ווייסע קלאַווישען, און די קלאַווישען—פיל פעלען שוין, מחמת איינעם האָט זיך, געווים, פאַרוואָלט וויסען, האָס אונטען טוט זיך עס אַזוינס...— און די קלאַווישען גיבען דערביי אַרויס אַ מאָדנע קרעכצעריי, גלייך ווי זיי וואָלטען פּי-לען, אַז נישט קיין פאַרביינקס מיידעל, מיט פאַר'חלומ'טע זויגען, אין אַ טונקעלען בין-השמשות, זיצט עס איצט איבער זיי...

אויף דער ערד נעבען קלאַוויר וואַלגערן זיך נאָטען—גאַנצע העפטען: וואַגנער, שומאַן, ליסט, בעטהאָווען... עס ליגען אויך מא-סען ביכער אין פראַכט-בענדער. איך הויב אויף איינעם אַ דיקען,

טו אַ בלעטער — אַ מעדיצינישער. אַרויסגייענדיג פון דאָרט האָב איך באַמערקט אויף אַ טיר אַ מעשענע בלעכעל מיט אַן אויפשריפט פון אַ יודישען דאָקטאָר.

איך גיי ווייטער איבער די גאַסען. פון פאַרשיידענע וועגען ציען זיך אָבאָזען און אויסער דעם גייען דורך עטליכע פּאָלקען פוס-גייער. מ'גייט און מען פאָרט אייַלענדיג, און די טיפע בלאָטע אויף די גאַסען ווערט אַלץ שיטערער פון די רעדער און טריט. ס'גייט אַ קלאַנג: „מען טרעט-אָפּ." די קלעפּ הערען זיך פון גאָר נישט ווייט.

די סאָלדאַטען, חאָס גייען-דורך — פאַר'הושכ'טע, פאַרמוטשעטע פון רעגען, בלאָטע און קעלט. די פנים'ער אַזעלכע פאַרזאוש'טע און ליידענדע. אָט ליגט איינער שוין פון מיטעלע יאָרען ביי אַ טיר און ציטערט פון קעלט. איז אין מיטען גיין קראַנק געוואָרען און וואַרט מ'זאָל אים צונעמען. זיינע אויגען קאַלט, אָהן אַ גלאַנץ; די הענט קאָרטשען זיך און טרייסלען.

נעבען אַ גערטעל ווייזט אַ פלאַג פון אַ פעלד-שפּיטאָל. איך שטעל זיך אָפּ און זעה: פון אַ טיר טראָגען סאַניטאַרען אַרויס דריי „נאַסילקעס" איינע נאָך די אַנדערע: געשטאָרבענע פון וואונדען. לאַנגע אויסגעצויגענע קערפּערס, איבערגעדעקט מיט ווייסע ליילעכער. און דער פוילער רעגען קאַפּעט פון אויבען אויף די ליילעכער...

וו-וואו! קאַלט, קאַלט אויף דער נשמה... עס שוידערט אַ געדאַנק: „וועמען איז אַצינד שוין בעסער?"...

טיף, טיף אין האַרצען, האָט ווי אַ שלאַנג גענאָגט און ווי עמיצער וואָלט עקשנות'דיג געפרעגט די פיינליכע פראַגע „פאַרוואָס"?

פאַרוואָס פייניגען זיך אַזוי „די שענסטע פון די ברואים?"

— — — — — — — — — — — —

פאַרנאַכט בין איך צוגעגאַנגען צו דער יודישער שול, — כ'האָב זיך דערוואוסט, אַז הייגט איז פרייטאָג,—אָבער פוסט, וויסט, חושך. אומעטיג, פינסטער אין די גאַסען. אין קיין פענסטער האָט זיך ערגיץ קיין שבת'דיג ליכטעל נישט געוויזען...

אין דער פריה גייט מען אַרויס צו יאַראָסלוי, אינגאַנ-
צען צען־צוועלף קילאָמעטער.

מען טרעט ווירקליך אָפּ. איבער׳ן גאַנצען וועג ציען זיך אָבאָזען, קאַוואַלעריע, אַרטילעריע און ביי די זייטען שלעפּען זיך די אומגליקליכע „פּיעכאָטע״: צוזייעטע, צעוואָרפענע, מיט דער משא אויף די פּלייצעס, פאַרשלומפּערטע, פאַרשמוציגטע קריכען זיי, די פאַרפינסטערטע אויסגעמוטשעטע מענשלעך און ראַנגלען זיך מיט די נאַסע זומפּיגע בלאָטעס. וואו־נישט־וואו ליגען פאַר׳חלש׳טע מענשען און פערד. אָט בלאָנדזשעט אַרום אַן אַוועקגעוואָרפען פערד, קוקט תמ׳עוואַטע מיט די קראַנקע גלייכגילטיגע אויגען און האָט שוין אפילו נישט קיין כח צו עסען דאָס גראָז פון לאָנקע...

מיר אָבער גייען אַלץ פאָרויס, צום פּאָלק.

פון אַנטקעגען לויפען גאַנצע שאַרען פון קראָען: נישט אומזיסט... ערגיץ נאָנט מוזען גאַנצע פעלדער מיט הרוגים זיין...

עס ווייזען זיך שפּיצען פון קירכעס, און אָט זענען מיר שוין נישט ווייט פון דער שטאָט. ביי דער זייט ציען זיך פאַר-פעסטיגונגען און אַלערליי קינסטליכע שטערונגען, וואָלפען-גריבער און דראָט-פאַרצוימונגען. די שטאָט בלאַנקט פון דערווייטענס. מיר קומען אַריין—גאַנץ, אַלעס גאַנץ. די שלאַכט איז פאָרגעקו-מען אַרום שטאָט און די גאַסען האָבען נישט געליטען.

אין איין ווינקעל געפינט זיך אַ גאַנצע נעץ פון גרויסע, לאַנגע געביידעס—דאָס זענען „זייערע״ קאַזערנען (קאַזאַרמעס), דאָרט טאַקי אָרדנען מיר זיך איין אויף איבערנעכטיגען.

ס׳איז נאָך גאַנץ פריה. איך רוה זיך אויס אַביסעל און גיי אַרויס אין גאַס. איך באַקוק דעם „אַלטען שלאָס״, דעם ראָטהויז און נאָך אַנדערע מערקווירדיגקייטען. איך מעסט־אויס אַלע גאַסען. סלאָוואַצקי-שטראַסע, גרונוואַלדסקאַ־שטר., קראַשעווסקי-גאַסע, סאָ-ביעסקי-שטר.—אַלץ פיינע גאַסען. די הייזער זענען אפילו נישט קיין הויכע, אָבער גאַנץ עלעגאַנטע. מענשען — גאָר ווייניג. זעל-טען ווייזט זיך פאַר די אויגען אַ ציוויל-געקליידעטער.

די שטאָט האָט מען געהאַלטען אין אָפּריינִיגען.

מ׳פירט אַרויס וואָס מען קען נאָר. אָט ציט זיך אַן אָבאָז. דאָרט—אַ פּאַרטיע געפאַנגענע, און דאָרט, וואו די קאָמענדאַנטור איז, פּאַקט מען זיך שוין אויך אויף וועגענער. די שיסעריי דערנעטערט זיך אַלץ צו דער שטאָט, און די קלעפּ ווערען שטאַרקער און אָפטער. ביינאַכט ליגענדיג אויף דער פּאָדלאָגע אין די קאַזאַרמעס האָט מען געשפּירט, ווי די ווענט האָבען פראָסט געציטערט. ערגיץ, גאָר נישט ווייט האָבען פלאַמען דעם הימעל פאַרוויקעלט און בריקען האָבען זיך געריסען מיט אַ געוואַלדיגען קראַך.

פאַרלאָזענדיג אין דערפריה יאַראָסלוי, איז אונז הינטער דער שטאָט אויסגעקומען איבערצוגיין צוריק אויף יענער זייט סאַן. די וואַך אויף דער פּאָנטאָן-בריק האָט געוואָרענט נישט צורויכערן—די בריק איז שוין געווען מיט בענזין באַגאָסען. אויף יענער זייט, לייגג-אויס דעם ברעג, האָבען סאַפּיאָרען „אָקאָפּעס״ געגראָבען.

מיר קומען אויף אַ שייד-וועג און מ׳שטעלט זיך אָפּ: מ׳ווייס נישט וואוהין צו גיין. ערגיץ דאַרף דאָ דער פּאָלק זיין. דער רעגען נעצט, נעצט, נעמט דורך די ביינער, און דער הונגער פון זיין זייט זויגט אויך אינעווייניג און ציט אַרויס דעם מאַרך פון די ביינער...

# X

—גענוג געהוליעט!

דאָס רופט אויס איינער פון אונזער פּאָליעמיאָטען-קאָמאַנ־דע, וואָס איז פון אַנטקעגען אָנגעקומען אויף אַ פערד. איטלי־כער פאַרשטייט גאַנץ גוט די באַדייטונג פון׳ם „גענוג געהוליעט!‟ דאָס מיינט מען אונזער פאַרשוואונדענעם לאַנגען יום-טוב... אַלע הערען עס מיט קומער און נורען זיך אין שינעל פון קאַלטען רעגען.

נאָכדעם לאָזט מען זיך גיין צוריק און דאַן רעכטס, אי־בער די פעלדער. פון ערגיץ גאָר נאָנט הערט זיך שוין אַ טראַ־סקעריי פון ביקסען און אין דער לופטען נויקלען זיך וואָלקענ־דלעך רויך פון שראַפּנעלען.

מיר בייטען ווידער די ריכטונג.

אין איין אָרט ליגען מיר ווידער אָפּ אַ שעה צוויי אונ־טער׳ן רעגען.

עס ציטערן די גלידער פון קעלט.

נאָך ווי עס קוועלט דער הונגער!...

פאַרנאַכט ערשט קומען מיר אָן אין אַ דאָרף, וואו דער פּאָלק געפינט זיך.

עס פאַלען-אַרויף באַקאַנטע. איינער בעט טאַבאַק, דער צווייטער ברויט, דער דריטער צוקער: ס׳טייטש מען קומט דאָך עפּעס פון אַ שטאָט. ביי קיינעם פון אונז איז אָבער פון קיין זאַך שוין קיין זכר נישט געבליבען—דערוועלבער הונגער!

איינער רעכענט מיר אויס אַ גאַנצען צעטעל פון באַקאַנ־טע, וואָס זענען פאַר דער לעצטער צייט דער׳הרג׳עט געוואָרען. עס האָבען זיך אויך באַוויזען גייסטיג-קראַנקע... דער קאָמאַנדיר פון איין ראָטע איז אויך פון זינען אַראָפּ. ס׳אַרא שרעקליכע אויסזען, דערציילט ער, האָבען זיי געהאַט, די צומישטע; ס׳אַרא משונה׳דיג ווילדער פייער האָט געברענט אין זייערע משוגע׳נע אויגען...

מען דערציילט מיר פון הונגער, מאַטערניש און פּלאָגען. דער באַקאַנטער פּזמון, איצט רוט מען שוין אַ ביסעל אין רע־זערוו.

איך קוק אָן די פּנימ׳ער—אַלע אויסגעבלייכטע, פאַרפּינ־סטערטע. שפּורען פון גאַנצע פינף וואָכען פּלאָגעניש! איך באַ־מערק, אַז קיינער קאָן אַ רגע רוהיג נישט שטיין: אַלע ווילע אַ דריי, אַ טשורכע, מיט׳ן פּנים אַ קרים... שוין וואָכען קיין וועש נישט געביטען... ביי אַ סך איז געבליבען נאָר די איינציגע העמד אויף זיך. מ׳טוט זיך קיינמאָל נישט אויס.

אינדערפריה האָב איך צוגעזעהן אַ טרויעריג בילד: כאָטש ס׳איז געווען קאַלט, נאַס, אַ הערבסט-רעגענדעל האָט געזיפּט, פונדעסטוועגען זענען הינטער די הייזער געשטאַנען מענשען מיט־טער-נאַקעט איבער אַ ברענענדען קאָסטער און די איינציגע העמד פון זיך גערויכערט... בר—ר—ר!

אין דאָרף זענען געבליבען אַ ביסעל איינוואוינער און נע־בען אַנדערע כאַטעס זענען אויסגעגראָבען קעלערען צום באַהאַל־טען זיך אין פאַל, ווען אויבען וועט שפּאַצירען דער טויט. און ווירקליך, ווען-נישט-ווען פלעגט זיך פון דער פּאָזיציע, וואָס איז געווען איינגאַנצען עטליכע קילאָמעטער פון דאָרף, דורכריי־סען אַ ביקסען-קויל און זיך מיט אַ זשומעריי דורכטראָגען. סאָל־דאַטען האָט עס איבעריגענס שוין נישט געאַרט; אָבער די איינ־וואוינער פלעגען זיך גאַנץ אָפּט איבערשרעקען און פלעגען לוי־פען מיט האַק און פּאַק אין די צוגעגרייטע גריבער.

אומגליקליכע, נעבעך! אין יעדער כאַטע פייפט דער דלות און ווי אומעטום הערט מען דאָ אויך פון יעדען איינציגען באַ־

אנדער די אַלטע טענה:
— ניעמאַ, פּאַניע, שאָ יעָסטי אי פּיטי...
אָדער:
— ני כליבאַ, ני צוקרו, ני סאָלי...

צוויי יודען פון מיין ראָטע, דערוויסענדיג זיך, אַז מיר איז געלונגען צו קויפען ביי אַן „אָבּאָזנעם" אַ שטיקעל לחם, זענען צו מיר צוגעקומען מיט אַזאַ מין פאָרשלאָג: אויב איך וועל מפקיר זיין דאָס ברויט, וועלען זיי דערצו קויפען אַ הון און מען וועט צוזאַמען מאַכען אַ סעודה. סיי-ווי-סיי... ווער ווייס, וואָס מאָרגען וועט זיין...

צי עס איז בעסער צוויי טעג ברויט צו עסען, אָדער איין טאָג ברויט מיט הון — דאָס גיב איך זיך קיין חשבון נישט אָפּ. מיר געפעלט זייער האָפּנונגסלאָזער „פּאַרנעם" און איך ווער מרוצה.

אין אָווענט זיצען מיר שוין אין אַ כאַטע און די פּויערטע פּאָרעט זיך פאַר אונזערטוועגען מיט אַ הון ביי דער פּליטע. אין שטיבעל איז האַלב-טונקעל און הייס. סאָלדאַטען זיצען אַרום טיש און מאַכען גאָר אַן „איין און צוואַנציג"...

נעבען אונז זיצט דעם פּויערס אַ טאָכטער און מיר „אַמו-זירען" זיך. די טעמע, נאַטירליך, איז אַ גאַנץ אויבערפלעכליכע, אָבער דאָך... מען ווילט זיך... דעם מיידעל, למשל, קומט אויס לעכערליך, וואָס שוועבעלעך הייסען אין רוסיש „ספּיטשקי".

— כאַ-כאַ-כאַ! — צולאַכט זי זיך נאַאיוו, — ספּיטשקי, ספּיטשקי. צינדהאָלץ — זאָגט זי — איז אַ סך, אַ סך שענער.

איך קוק זיך צו צו איר לאַכענדיג פּנים און לאַך אויך מיט, ווי אין אַ היימישער געזעלשאַפט. און אין זינען בעט איך בעת-מעשה מחילה ביי די באַקאַנטע ציוויליזירטע דאַמען: געוויס וואָלטען זיי זיך באַליידיגט, ווען זיי וויסען, אַז אַן איינפאַכעס דאָרפס-מיידעל פאַרבייט אַצינד זייער געזעלשאַפט...

דערווייל קומט צו אַ סאָלדאַט און זעצט זיך שוין צו נאָענט

נעבען מיידעל. און מאָדנע נישט אָנגענעם איז געווען צו קוקן אויפ׳ן פויער, דעם מיידעלס פאָטער, וואָס האָט נאָך, נעבעך, גע-מוזט צושמייכלען, ווען דער נישט-קאָרעקטער סאָלדאַט האָט גע-נומען ריידען צו זיין טאָכטער מער מיט די הענט ווי מיט דער צונג...

דעם קומענדיגען טאָג פרעגט מען פונאַנדער, ווערמען עס פעלט פאַטראָנעס און אַ מאַרלע-בינט... אַ סברא, אַז נישט לאַנג וועט מען אַזוי רוען אין דאָרף.

איך זיץ אין אַ פויעריש הייזעל, פאַרשלאָגען אין אַ ווינ-קעל און דער קאָפּ איז באַלעסטיגט פון פיינליכע געדאַנקען. און אַלץ וויקעלט זיך אַרום איין פונקט: טויט...

אַך, ווי גרויס איז דער פאַרלאַנג צום לעבען!... וועל איך נאָך דאָס אַלץ, וואָס איך זעה איצט אין זכרון, קאָנען זען אַמאָל אויף דער וואָר?...

פיינליך קנייטשט זיך דער שטערן, ווי אונטער דער משא פון אַ שווערער רעטעניש.

—פאַרוואָס בין איך נישט געבוירען געוואָרען אַן אָקס?

אַזוי פרעגט אַ פויער, ליגענדיג אויפגעדרייט אין שייער אויף אַ בינטעל שטרוי און ציטערענדיג פון קעלט.

—איך וואָלט דאָך—זאָגט ער—נישט געוואוסט און נישט געליטען ביז מיין סאַמע טויט!

צי איז ער נישט אַמאָל גערעכט, דער פויער?...

אויף „יענער זייט” האָט מען זיך אפנים דערוואוסט ווע-גען אונז און פלוצלונג—וו-וו-וו-וו-ב-ב-אַ-אַך!

עס רייסט זיך אויף אין דער לופט אַ שראַפּנעל, נאָך איר אַ צווייטע, אַ דריטע און אַזוי כסדר, אָהן אַן אויפהער, איבער׳ן גאַנצען דאָרף. עס ווערט אַ טומעל, אַ בהלה. מ׳הייסט זיך שנעל אָנטון און שורות׳ווייז הויבען זיך אָן די ראָטעס צו רוקען. ווי גנבים קריכט מען האַלב-אַיינגעבויגען האַרט ביי די הייזער און

מען ציט זיך צום פעלד. אין עק דאָרף בלייבט מען שטיין און מען וואַרט אויף אַ באַפעל. די שראַפּנעלען וואָיען אַלץ איינער נאָך דער אַנדערער און רייסען זיך מיט אַ ווילדער קראַפט. אינסטינקטיוו בויגט מען זיך און מען טוליעט זיך צו עפּעס אַ פאַרקאַנדעל, כאָטש דאָס האָט אַזאַ ווערט ווי אַ שטרויעלע אויף די כוואַליעס פון ים. און אַז מען דערפילט דאָס וואָיען שוין ווייטער איבער זיך, ווערט מען מונטערער און אויף די ליפּען באַווייזט זיך אַמאָל אַ טרויעריג שמייכעלע אויך, ווי איינער רעדט: ברוך שפּטרני... פליה צו אַלדי רוחות...

אין איין ווינקעל האָבען זיך אָבער אַ פּאָר שאַרבענס צו-לעכערט, העגט און רוקענס צו'ביזוק'ט, און עס האָט זיך דער באַקאַנטער ניגון דערהערט:

—סאַניטאַר!

מען ציט זיך דאַן שנעל איבער פעלדער, און בעת מען איז שוין לערך אַ קילאָמעטער ווייט געווען, האָבען זיך אינ'ם דאָרף, אין פאַרשיידענע זייטען, פלאַמען אויסגעמישטע מיט רויך אויפגעהויבען...

ווידער אַ גליקליכער צופאַל; ווידער אָפּגעגליקט... איך בין דאָך גאַנץ צופעליג נישט געשטאַנען דאָרט, וואו אַ גראַנאַט האָט ביינער מיט פלייש אויסגעמישט! — — —

וואָס טוען דאָרט איצט, נעבעך, די אַיינוואוינער? וואָס מאַכט דאָרט איצט מיין „נישט קולטורעל" פרייליין?...

מיר באַזעצען זיך אין אַנ'אַנדער דאָרף, אַ פינף קילאָמע-טער ווייטער פון יענעם.

דאָרט איז מען אָפּ אַ טאָג דריי. ס'איז שוין כוף סעפּ-טעמבער. גראָד האָבען זיך געשטעלט שיינע וואַרימע טעג, און אויפ'ן האַרצען ווערט אַ ביסעל היימליכער, מונטערער. עס דער-מאָנען זיך לאַנג-פאַרגעסענע זאַכען; נאָענטע פנים'ער שוועבען פאַר די אויגען; די היים גייט פון זינען נישט אַרויס... די אָוונטען זענען קילע און אומעטיגע. אין הימעל ציטערן אייג-

זאַמע שטערען. איין אָוועגט ליג איך שפּעט אויף אַ בערגעל און קוק זיך צו שטום צו די גליענדע קוילען פון אַן אויסגייענדען קאָסטער. עס ווילט זיך גאָר אין שייער נישט גיין, עס נעמט קיין שלאָף נישט. פון ערגיץ-וואו גיט זיך אָפּ אַ טעמפּעס רוישען פון אַ ביקסען-פייער—און די שרעק-בילדער קאָנען אויף אַ מינוט נישט פאַרגעסען ווערען... וועט זיך אַמאָל צוריקקערען יענע זאָרגלאָזיגקייט, יענע פאַרשוואונדענע רוהיגקייט? אָ, ניין! אויב אפילו די טייוולאָניש-פליענדע שטיקלעך מעטאַל וועלען מיין שאַרבען אויסמיידען און כ׳וועל לעבען בלייבען—וועט שוין אויך די אמת׳ע רוה צו מיר קיינמאָל נישט קומען. שטענדיג וועלען, דוכט זיך, מיינע איצטיגע טעג, ווי לעבעדיג-פאַרקערפערטע ברואים, פאַר די אויגען שטיין... די גרויע ליכטיגקייט פון טאָג וועט מיר דערמאָנען אָן דער פאַרב פון פאַרגלאָצטע אויסגעקערטע אויגען און די נעכט וועלען מיר אַלץ ווייזען יענע נאַכט, ווען איך בין צוזאַמען מיט טויטע אין איין רייה געלעגען — — — — — — — — — — — —

שיינע, וואַרימע טעג, און דער עולם באַנוצט זיך מיט זיי.—מען קאָכט, מען באַקט און מען בראָט! די קאָסטרעס ווערען אַלץ געדיכטער און ווערען גאָרנישט פאַרלאָשען. דאָ און דאָרט רייסט זיך אַ קוויטשעריי פון חזירים: מ׳האַלט אין איין שטעכען און סמאַליען. יודען זענען געוואָרען גאַנצע מבינים אויף דעם „טריפה׳נעם מין”... עס גייט-צו, למשל, צו מיר איין יוד און לייגט מיר פאָר:

—אפשר ווילט איר אַ חלק, קאָן איך אייך אָפּלאָזען. מיר האָבען געשטאָכען בשותפות אַ היבשען קאַבאַנטשיק, איך זאָג אייך—אַ געשמאָלצענער!...

זעלכע טעג זענען אָבער נישט מער ווי אַן איבערגאַנג פון צרות צו פּלאָגען...

ביינאַכט, ווען מען האָט זיך שוין געהאַט אין שייער פאַר-קליבּען, האָט מען פּלוצלונג געהייסען זיך פאַרטיג מאַכען. נע-מען זאָל מען בלויז די ביקס און פּאַטראָנעס. מען וועט נאָך, הייסט עס, צוריקקומען.

מיר גייען אַרויס אין דאָרף—ווייזט זיך אַרויס, אַז בלויז אונזער ראָטע איז באַשטימט צו באַשיצען אַרטילעריע.

מיר לאָזען זיך גיין אין דער פינסטער נאָך די שווערע טריט פון די אַרטילעריע-פערד און שווערען רוישען פון די גרוי-סע דיקע האַרמאַטען-רעדער.

ענדליך קומען מיר אַרויף אויף עפּעס אַ פעלד און מען שטעלט זיך אָפּ. דאָ איז די פּאָזיציע. דאָס ביקסען-פייער הערט זיך גאַנץ דייטליך, אָבער קיין קוילען פון אַנטקעגען דערגרייכען נישט אַהער. די האַרמאַטען גראָבען זיך איין און אונז ווערט אויך אָפּגעגעבען אַ באַפעל צו מאַכען פאַר זיך אָקאָפּעס.

אַ גאַנצע נאַכט האָט מען זיך אַזוי געגראָבען און ערשט פאַרטאָג איז מען שוין געלעגען רוהיג אין דער לאַנגער קאַנאַווע און געקוקט מיט מידע, נישט אויסגעשלאָפענע אויגען אין דער הויך צום הימעל.

„אונזערע" האָבען לסוף אַוועקגעשיקט „אַהין" אַ „גוטמאָר-גען"... און פון די קלעפּ האָט פּשוט די ערד אונטער אונז גע-ציטערט, ווייל מיר זענען געלעגען אין איין ליניע מיט דער באַטאַרייע. נאָכדעם איז עס אַלץ עפּטער געוואָרען, און פון „דאָר-טען" האָט מען אויך אָנגעהויבען צו ענטפערן. איינע נאָך די אַנדערע האָבען די שראַפּנעלען געוויִעט און אין דער לופט זיך געריסען, אָט, אָט, דאַכט זיך, טרעפען זיי. עטוואָס נענטער, עט-וואָס ווייטער, אָבער נייך... גאַנצע שעה'ן שיטען זיי זיך—אין אַלע ווייסטע וועלדער!

און מערקווירדיג, ס'אַרא קאַלטבלוטיגקייט דאָ הערשט, ביי דער באַטאַריע. קיין ביקסען-קוילען דערגרייכען נישט אַהער, באַוועגט מען זיך גאַנץ געמיטליך, און טאָמער לויפט אַ פּילד-

גראַנאַט, צי אַ גרעסערער קאַליבר—איז ער דען מחויב צו טרע-פען?... און אַז איין גראַנאַט האָט יאָ דער׳הרג׳עט אַן אָפיציר און פאַרוואונדעט אַ סאָלדאַט—איז עס אויך אָנגענומען געוואָרען פאַר אַ צופעליגקייט: אומשטיינס געזאָגט, אַ מענש לעבט דאָך נישט אייביג, טרעפט אַמאָל... אַז ס׳איז אָנגעקומען מיטאָג-שעה, האָבען די באַטאַרייע-לייט געמאַכט אַן איבעררייס און זיך גאַנץ בהרחבה׳דיג צוזעצט עסען. מיר אָבער זענען געלעגען אין דער ענגער קאַנאַווע אויפגעדרייט ווי די ווערים, די פיס איז געווען אוממעגליך אויסצוציען; די קניה און דער רוקען האָבען געבראָ-כען און דער הונגער האָט אַ גאַנצען טאָג געמוטשעט. קיין סו-כאַרל, קיין ביסעל וואַסער, קיין שטיקעל צוקער די פאַרשמאַכטע ליפען אָפצונאַרען. אויב אין אַ תענית פאַרטרייבט מען דעם הונ־גער מיט רויכערן, איז דאָ קיין ביסעל טאַבאַק אויך נישט גע-ווען. עס האָט נאָר אין דער לופט אומאויפהערליך געוואָיעט און נישט איינמאָל מיט ערד פאַרשאָטען. און מ׳האָט זיך אַלץ געפרעגט: „וועט טרעפען אָדער נישט?”... די אייגענע טענות אין אָקאָפּ פלעגען זיך אָפּט איבער׳חזר׳ן און זענען שוין באַנאַל גע-וואָרען; אָבער יעדע שראַפּנעל האָט דאָך פאָרט איין און דעם זעלבען טויט געטראָגען מיט זיך... און דער טויט איז באַנאַל?...

—פאַרוואָס עסטו גאָרנישט?..—פרעגט אין שפּאַס בריוסילאָוו ביי טימאָפייעוו׳ן—ביידע שלאָסער פון אַ מאָסקווער פאַבריק.

טימאָפייעוו מאַכט אַ כעס׳יגע באַוועגונג:

—אויף דער ערשטער ליניע וואָלט איך אַלע קאַשעוואַרען אַרויסגעפירט. לאָזען מענשען הונגערן, די שקורעס. ליגען הינ-טער דער פּאָזיציע און—לאָדראַ וואַליאַיוט...

נישט ווייט אין קאַנאַווע ליגט אויפגעקאָרטשעט אַ בערדי-גער יודעל, אַ זאַפּאַסנער. „ראַבין” רופט מען אים דאָ. דאָס געזיכט זיינס איז ענליך צום קאָליר פון דער ערד אין קאַנאַ־ווע... ער שווייגט און איז פאַרטיפט אין זיך.

דעם וואָזנאָדנעם פאַרגלוסט זיך איבער אים שפּאַס צו מאַכען,

—הע׳, ראַווין, יאַ אידו נאַ וואָינאַ...—לאַכט ער פון זיין רוסיש.

סאָלאָמענקאָ, אַ פויער פון ערגיץ אַ יודיש שטעטעל, מיט לאַנגע פיס, וואָס זענען אין קאַנאַווע אויפגעדרייט אפשר אין דרייען, מישט זיך אַריין:

—אוי וויי, געוואַלד, אַ טאַטאַלאַך, אַ מאַמאַלאַך...

דאָס יודעל גיט קוים אַ באַוועג מיט די האַלב-פאַרגליווער-טע אויגען און לאָזט ווידער אַראָפּ דעם קאָפּ, ווי איינער רעדט: „רייד, ווער צוזעצט”...

שפּעט אין אָוונט, ווען דער אַרטילעריע-פייער פון ביידע זייטען איז אַנטשטילט געוואָרען און מיר זענען שוין געלעגען אויפגעדרייט און פאַר׳חלש׳ט מיט פאַרמאַכטע, אָבער שלאָפלאָזע אויגען, איז די פעלד-קיך שטילערהייט אָנגעקומען.

מיטענאַכט. אַ דיקע פינסטערניש צווישען הימעל און ערד. מ׳שלעפּט זיך איבער וועגען און פעלדער. פינסטערע בוימער רוישען אומעטיג און שטיל. מאָנאָטאָן און טויב קלאַפּען די טריט.

מ׳קומט אין אַ וועלדעל. דאָרט ליגט אונזער באַטאַליאָן אין פעלד-יואַך. איך פאַל אונטער אַ בוים, מיד און מאַט, צוקאָפּענס די פויסט, און באַלד ווערט אין קאָפּ אַ פאַרגליווערטע מאַכט.

מיר זענען ווידער אינ׳ם זעלבען דאָרף. אין דער פריה קלייבט מען זיך אַרויס פון דאָרט. אַזוי גייט מען גאַנצע דריי טעג. אַלץ גרויסע, אומדערבאַרעמדיגע איבערגאַנגען. איין טאָג האָט מען דורכגעמאַכט גאַנצע פערציג קילאָמעטער. מ׳גייט אַהין, מ׳גייט צוריק, אָהן אויפהער, אָהן סוף. פון באַגינען ביז׳ן שפּעטען אָוונט. און אַלץ—הונגער, הונגער! מ׳גריזשעט רויע קרויט און רעטעך פון גערטנער. די פיס שלעפּען זיך נאָר פון אינערציע... ס׳האָט זיך שוין זאָגאַר פּיזוט פאַרגעסען, אַז עס איז נאָך פאַראַן ערגיץ רוה אויף דער ערד... איינמאָל—ס׳איז שוין געוועזן שפּעט אין אָוונט—זענען מיר דורכגעגאַנגען עפּעס אַ דאָרף. אין אַ טונקעל-באַלויכטענעם שטאַל האָט זיך עפּעס אַ קאָמאַנדע שלאָפֿן

געקליבען און פון די קליינע שטאַל־פענסטערלעך האָט זיך לאַנג־
זאַם געצויגען:

И‾же е‾си на не‾бе‾си...

און צו ביסעל ווייטער דערנעבען—אַ געמויערט שיין הויז. העל-באַלויכטענע פענסטער. אינעווייניג זענען געזעסען אָפיצירען ביי שרייב-טישען און גלעזער טיי האָבען זיך מיט רויטקייט גע־שפילט אַנטקעגען פייער.

אַך, רוה, רוה! אָט איז רוה!..

ס'האָט זיך די אויגען נישט געגלויבט די גליקליכע, דוכט זיך, רוהיגקייט...

אַז מיר זענען שוין געווען ווייט, אויף יענער זייט דאָרף, אין דער אומעטיגער פינסטערניש פון דער נאַכט, האָט מיר נאָך אַלץ, ווי פון די טויבע טריט פון די שווייגענדיגע שאָטענס, אין די אויערן געקלונגען:

и‾же е‾си на не‾бе‾си...

— — — — — — — — — — — —

## XI

שפּעט ביינאַכט.

דער לאַנגער וועג, וואָס ציט זיך אומאויפהערליך פון באַגינען אָן, האָט פיל מענשען איבער׳ן וועג צוזייט. איינציגווייז, פּאָרווייז שלעפּען זיך אָפּגעשטאַנענע, פאַרשמאַכטע אין דער פינסטערניש און די אויסגעמאַטערטע גלידער חלש׳ן אַ ביסעלע רוה... אַז איך מיט מיין שכן זענען אָנגעקומען אין דעם דאָרף, וואו דער פאָלק האָט זיך אָפּגעשטעלט, איז שוין דער מיטאָג געווען פונאַנדערגעגעבען און די קליינע „קלוניע״ (שייער), וואָס אונזער ראָטע האָט פאַרנומען, איז געווען ענג און געדיכט, ממש די נאָז נישט אַריינצושטעקען.

—הונגעריג זענען מיר געווען, לאָמיר כאָטש גיין אַ זוך טון, וואו דעם מידען קאָפּ אַוועקצולייגען.

אַזוי זאָג איך צו מיין שכן און מיר לאָזען זיך טאַקי ביידע אַוועק זוכען. פון שטאַל צו שטאַל, פון בוידעם צו בוידעם—פול, אומעטום פול. ענדליך געפונען אַ פוסט הויז. אָרעמע מעבעל און איקאָנעס. די פענסטער גאַנצע, מיט אַלע שויבען. אַ חידוש, וואָס עס איז געבליבען אומבאַמערקט. אַן אמת׳עס גליק פאַר אונז!

קיין האָלץ איז נישטאָ, צוהאַקט מען אַ בעט און מ׳הייצט-איין אין אויוועז. דאָס פייער פלאַקערט אַזוי פריילין, אַזוי לעבעדיג. וואָלט אָבער אויך געווען עפּעס פאַר׳ן אומרוהיגען מאָגען!.. בלויז צוקער פאַראַן. שטעלט מען אַריין פאַר׳ן פלאַקער אַ קעסעלע וואַסער און מ׳זופּט טיי. און זופענדיג דעם טיי, צושפּילט זיך נאָך מער דער אַפּעטיט...

—זאָגט נאַר, בחור,—זאָג איך צו מיין שכן,—וואָס, אַ שטייגער, וואָלט איר איצט געגעסען?..

—וואָס? ראשית חכמה מוז איך האָבען כּאָטש אַ פּונטעל ברויט... אָהן דעם וואָלט איך זיך צו קיין זאַך נישט געקאָנט נעמען...

—נו, און אַ טונקעל-ראָזען באָרשטש מיט אַ סמעטענע-פלעווע פון אויבען?..

—יאָ,—ענטפערט מיר מיין שכן און באַלעקט זיך דערביי.

—נו, און אַ שמעקעדיגען האַרטליכען ביפשטעקס מיט גע-פּרעגעלטע ציבעלעס באַשאָטען, אין ברוינעם סאָאוס, מיט רויטע פעט-גלאַנציגע מערעלעך ביי דער זייט—וואָלט איר נאָך דעם פאַרדייעט?..

מיין שכן שמייכעלט און שלינגט דעם טיי און קרימט זיך. דורך זיינע גלעזערנע אויגען קוקט אַרויס דער הונגער.

—נו, און בוליאָן מיט מאַנדעלעך מיט פליייש געפילט?.. און נאָך דעם אַ געמישטער פרוכטען-קאָמפּאָט, וואָס קילט דאָס האַרץ?..

מיין שכן איז אַזש פון די כּלים אַרויס. שנעל האָט ער זיך פון אָרט אַ הויב-געטון און פון גרויס כּעס אַ גאָס-געטון איבער דער גאַנצער פּאָדלאָגע דעם נישט-דערטרונקענעם קו-ביק טיי:

—צום טייוועל! נאַר זופּ און זופּ, און שווייגט די אַיינגע-שרומפּענע געדערים!

—מה רעש? איר קאָנט דאָך עפּעס נעמען אין מויל אַריין?..

—נאַט, געמט, נו!—שטרעקט ער מיר אויס ביידע פּוסטע הענט,—ווען מען קאָן טאַקי די ווענט גריזשען, וואָלט איך עס איצט געטון.

—אויב אַזוי,—זאָג איך,—לאָמיר גיין שלאָפען...

דערפאַר אָבער געשלאָפען ממש ווי די גראַפען. צום ע"ר-שטען מאָל נאָך אַ פּאָר וואָכען זיך אויסגעטון. זאָגאַר וועש גע-טוישט. די לעזשאַנקע איז געווען געגנוג געראַמיק און וואַרעם. פאַר-שפּרייט אַ פּאַלאַטקע, די אַמוניציע צוקאָפּענס און—אין די אָרעמס

מידע, צובראָכענע פון גאַנג און הונגער, אין דער וואַ-רעם, אין פרישע וועש—האָבען מיר זיך אויפגעכאַפּט אויף דער-זעלבער זייט, וואָס מיר האָבען זיך געלייגט...

ס'איז שוין געווען גוט ליכטיג און דורך די פענסטער פון כאַטע האָט זיך קיין איין סאָלדאַט נישט געזען.

דער פּאָלק איז שוין אַוועק גלייך ווי ס'האָט אָנגעהויבען שאַריען אויף טאָג.

הייסט עס, היינט אפילו קיין טיי אויך נישט...

דער טאָג איז אַ גאַנץ שיינער. וואַרעם, לויטער. די הערבסטיגע זון הויכט איר לעצטע היץ אַרויס. אונטען אָבער מוטשעט אַ טיפער, טיפער זאַמד. מיר בלאָנדזשען איבער עפּעס אַ וועג, יואו פון דער זייט הערט זיך אַ ביקסען-פייער. אַן אָפי-ציר פון אונזער דיוויזיע, וואָס קומט גראָד אָן פון אַ זייט, רופט אונז מיט אים צוזאַמען צו גיין, און מיר גייען שוין לויט אַ לאַנד-קאַרטע.

שפּעטער קומט-אָן פון אַנטקעגען אַ גאַנצע פּאַרטיע פאַר-וואונדעטע. די ווייסע מאַרלע-בינטען בלאַנקען און דערמאָנען אָן גרויזאַמעס...

קיין ספק נישט, וואוהין מיר גייען אַצינד...

אָבער—צום טייוועל! וואָס מאַטערט אַזוי דער הונגער? וואָס דריקט אַזוי די משא אויף די פּלייצעס?

מיר שלעפּען זיך שוין אַזוי אפשר אַ שעה פינף—זעקס. דער וועג איז אי אומענדליך, אי קורץ: אומענדליך פאַר דעם מי-דען אויסגעהונגערטען גוף; קורץ—פאַר דאָס אויג, וואָס זעט די דערנענטערונג פון דאָס פּאַטאַלע...

איך פאַל צו צו אַ פעלד—ריבען! קליינע, קיילעכדיגע רי-בען. איך רייס און עס. ס'איז אָבער וואַסערדיג און נישט זעטיג, נאָר פּוּרט אַן אילוזיע פון עסען.

פון אַ זייט שלעפּט זיך עפּעס אַ פור, איין איינציגע פור, בעפירט דורך אַ סאָלדאַט.

אַן יאָ, דאָס איז דאָס! ברויט! ברויט! אַ פולע פור ברויט!

—שטיי, שטיי, ברודער!

דער סאָלדאַט שטעלט זיך אָפּ און איך דערקריך צו אים. כ'דערלאַנג אים גלייך אַ זילבערנעם רובל:

—אַט דאָס באַקומסטו.

—ניין, ניין,—ענטפערט יענער, פאַרשטייענדיג מיין כונה,— איך פיר עס צו דער פּאָזיציע.

—אָבער איך גיי אויך אַהין און וועל אין וועג פאַלען.

—איך וועל פאַלען,—חזר איך איבער מיט פאַרביטערונג— דו גלויבסט נישט?

—טאָ וויז אַ מעסער.

זיך טו עס און רוק אים אויף דעם רובל.

—ניין, ניין, נישט פאַר געלט. איך דאַרף עס דאָ נישט האָבען.—זאָגט ער זיך אָפּ.

אַ פענעץ ברויט! אַ פענעץ ברויט!

—אַ דאַנק! אַ דאַנק, ברודער!

מיר גייען דורך אַ געדיכטען וואַלד. אומעטום צווישען די בוימער—פערד און סאָלדאַטען. קאַוואַלעריע. אין איין אָרט פלאַ־סערט אַ פלאַג פון אַ רויטען קרייץ. דאָ שטייט אויף דער אָבאָז פון ערשטען „ראַזריאַד".

מיר גייען אַרויס פון וואַלד. סאָלדאַטען שטייען מיט פאַר־ריסענע קעפּ און קוקען זיך איין, ווי אין דערווייטענס רייסען זיך שראַפּנעלען.

איך טרעף דאָ מיין באַקאַנטען סאַניטאַר. ער דרייט זיך אַרום מיט זיין טשעמאָדאַנטשיק—גרייט צו זיין דינסט.

—קאָן זיין,—זאָג איך צו אים,—אַז איך וועט אויסקומען מיר צו מאַכען אַן איבערבונד...

—ניין, ניין...—טרייסט ער מיך מעכאַניש.

—וואָס „ניין"?—שפּאַס איך טרויעריג—עס וועט שוין זיין אומגיסט?..

כ'ווייס: איך האָב עס נישט באַדאַרפט זאָגען—אפשר האָט

מיר דערבײַ די געהעריגע רוהיגקייט געפעלט אויפ'ן געזיכט?..

—ניין, ניין, נישט דאָס האָב איך געמיינט,—זאָגט ער ווײַטער: כ'מיין, אַז איר וועט אַרויס טרוקען...

—איר הערט ווי עס האָגעלט און קראַכט?—האָב איך אים אַ ווייז־געטון אין דער ריכטונג פון פּאָזיציע.

דאָס איז מיין תשובה געווען.

עס קומט מיר עפּעס אויפ'ן זינען—יאָ, איך טו עס!

—ווייסט איר וואָס,—זאָג איך צו מיין באַקאַנטען סאַני־טאַר—היות ווי איר גייט דאָך נישט אויפ'ן פּאָזיציע, וויל איך אייך איבערגעבען אַ געלט-פּעקעלע, וואָס וואַלגערט זיך ביי מיר אָהן אַ שום נוץ... עס ליגט ביי מיר מסתמא נאָר צוליב דעם, כדי אַז „טאָמער וואָס", זאָל מען עס געפינען ביים אויסקערען די טאַשען... נעמט עס צו פון מיר און „טאָמער וואָס" („טאָמער וואָס"—אַ טייער פּראָנאָמען האָט מיר יענץ יודעל געגעבען!...)—טוט דערמיט וואָס איר ווילט.

—עס קאָן ליגען ביי מיר, כ'וועל אייך נאָכדעם צוריק אָוועקגעבען.

ביים נעמען דאָס געלט פון מיר, האָב איך דערפילט, אַז ער גלויבט אַליין נישט אין זיינע ווערטער, מיט וועלכע ער האָט מיך געפּרובט טרייסטען.

מיר האָבען זיך קורץ געזעגענט: איך בין אַוועק די ראָ-טע זוכען, הר—צוריסענע אברים...

אָפּגייענדיג אַ פּאָר טריט פון אים, האָב איך דערפילט די גאַנצע לעכערליכקייט פון מיין טאַט. איז עס נישט קיין נאַרי-שער סענטימענט אַנטקעגען דער גרויזאַמער ווירקליכקייט?.. און אַז מ'וועט אויסקערען די קעשענעס און גאָרנישט געפינען, איז וואָס?..

איז וואָס? — — —

כע, כע, נאַרישע סענטימענטען!..



אין די יעראָסלויער קאַזאַרמעס (צום קאַפּ. XI ז. 120)

## XII

נאָך אַביסעל געשלעפּט זיך און ענדליך געפונען די ראָ-
טע. אין דער לופטען וואָיען גראַנאַטען. די מענשען ליגען אין
אַ סאָל, צוזייט ווזוואָדענוויז. איין שראַפּנעל רייסט זיך אויף
פונקט איבער אונז,—ווי אַזוי האָט עס נישט געטראָפען?..

מען גייט איצט איבער דעם סאַן, און באַלד וועט אָנקו-
מען אונזער רייה.

ענדליך דערגייט עס צו אונז. פריער איין ווזוואָד. יעדער
מענש אויף אַ טריט צען פון אַנדערן. אַזוי לויפט מען איינגע-
בויגענערהייט פּאָרויס. פון אַנטקעגען קומען איינס נאָך איינס
די שראַפּנעלען צו לויפען און רייסען זיך, דוכט זיך, אָט אָט אי-
בער'ן קאָפּ.

אָט ליגט שוין איינער מיט אַ פריש-צושמעטערטען שאַר-
בען און וואַרפט זיך נאָך קאָנוואולסיוו. אַ ביסעלע ווייטער אַ
צווייטער, אַ דריטער...

איך לויף שנעל—איך ווייס נישט מיט וועמעס כח—און
וואַרף צומישטע בליקען אַנטקעגען: טאָלען, בערג, איינציגע היי-
זער, בוימער... ערגיץ ליגט דאָרט דער טויט באַהאַלטען...

איך לאָז זיך אַראָפּ אין אַ טאָל—אָט איז דער סאַן. איך
לויף מיט דער זייט צו דער „פּערעפּראַווע" (פּאָנטאָן). פּלוצלונג
פון אַנטקעגען—וו—וו—וו—וו—וו—וו—וו..

איך דערשפּיר די נאָענטקייט פון גראַנאַט און לויף גלייבער
פּאָרויס, ער זאָל בעסער איבערפליען—

—ב—ב—ב—אַ—אַך!!

— — — — — — — — — — — —

איך פאַל צומישט אַריין אין אַ דערבייאיגען גראָבען. איך פיל שיט זיך פון אויבען אַ גאַנצער רעגען פון מעטאַלענעם שטויב... אָבער איך לעב! איך לעב און פיל ערגיץ קיין ווייטאָג נישט. איך הויב זיך אויף און לויף ווייטער. ווען איך האָלט פריער פאָרויס נישט געלאָפען!..

ביי דער בריק שרייט מיר אַרויס אַ סאָפּיאָר פון צן אָקאָפּ:

—עך, זעמליאַק, ביסט אַ בעל מזל!

אפנים, ער האָט מיין נאָענטקייט פון טויט געזען...

איך ליג שוין אויף יענער זייט טייך אין אַ גרייטען אָקאָפּ—אַ לאַנגע אויסגעגראָבענע קאַנאַווע. ס׳איז שוין טונקעל. נישט ווייט שיסט אונזערע אַ באַטעריע, און פון אַנטקעגען „שלאָפט מען אויך נישט״. דאָך אָטעמט זיך פרייער: כאָטש אויף אַן אָרט.

איבער׳ן אָקאָפּ הויבען אָן איינציגווייז צו פייפען ביקסען-קוילען. איצט איז שוין דעם קאָפּ נישט אַרויסצושטעקען.

עס ווייזען זיך פאַרוואונדעטע. אָט שפרינגט אַראָפּ פון איבער׳ן אָקאָפּ אַ סאָלדאַט מיט אַן אָקאָרשט-דורכגעשאָסענער האַנט. איינער בינדט אים איבער די וואונד און נאָכדעם גייט ער צו צו מיר איך זאָל אים מיט אַ האַנטוך די האַנט אָן האַלז אָנהייבען. ער קרעכצט מורא׳דיג. פון ווייטאָג קאָן ער פשוט די אויגען אָפען נישט האַלטען.

פאַר מיין דינסט לייגט ער מיר פאָר:

—אפשר פעלט דיר, ברודער, פאַטראָנעס, קאָן איך דיר מיינע אַוועקגעבען...

—אַ שיינעם דאַנק פאַר דער טובה! פיס האָסטו נאָך—לויף שנעל פון דאַנען!..

מען הייסט ווייטער גיין. ס׳איז שוין גוט פינסטערליך. די אַרטילעריע איז אַנטשוויגען געוואָרען. בלויז קוילען זשומען דורך מיט אַ פויזע איינע נאָך די אַנדערע.

עס ציט זיך אַ לאַנגע קאַנאַווע—גייט מען אין דער נידער פון קאַנאַווע, כאָטש בלאָטע איבער די קניה, די פיס גראָבען

זיך אין דער טיפקייט און נישט איינמאָל ציט זיך אַרויס דער פוס אַ באָרוויסער אָהן דעם שטיוועל... אָבער אַלץ בעסער איידער אויבען איבער׳ן גראָז און קוילען זאָלען זשומען פאַר׳ן אויער.

אַזוי שלעפט מען זיך אַפּשר אַ וויאָרסט. פון שטערן קאַפּען שוין גרויסע קאַלטע טראָפּענס.

ענדליך אַרויסגעקראָכען. מיר צולייגען זיך פאַר אַ פּאָל-וואַרק. פינסטער. חושך. מ׳נעמט זיך איינגראָבען, אָבער באַלד הייסט מען ווייטער גיין.

מ׳קריכט אין דער פינסטערניש פאַרביי געביידעס, שטיל אָהן ווערטער, ווי שטומע שאָטענס, און דאָס קלאַפּען פון די טריט איז עפּעס אויך באַזונדער איינגעהאַלטען, טויב און פאָרזיכטיג.

און פּלוצלונג—

—טר—ר—ר—ר—ר—ר—ר

—טאַ—טאַ—טאַ! טאַ—טאַ—טאַ—טאַ!

אַ גאַנצער האָגעל, אַ געדיכטער רעגען! ביקסען און פּולע-מיאָטען. פאַר די אויערען האָבען געפּייפט איינע נאָך די אַנדערע שנעל, שנעל:

—זשיק! זשיק! זשיק!..

וואו איינער איז געשטאַנען, דאָרט איז ער אַ פּאַל-געטון צו דער ערד, זיך געטוליעט און געדריקט צו איר.

איך ליג גראָד מיט׳ן קאָפּ אין אַ קוסט, אין פּנים שטעכען נאָדלען פון וואָרצלען און האָרט, האָרט איבער׳ן קאָפּ, אויף עטליכע סענטימעטער בלויז—זשיק! זשיק! זשיק!

זאָל איך זאָרגען פאַר די הויט פון׳ם פּנים, צי פאַר׳ן שאַרבען?..

פון דער זייט דערהערט זיך שוין:

—סאַניטאַר!

—סאַ—ני—טאַ—אַר!

עס טרעפט זאָגאַר ליגענדיגע. איך ליג אויך אויף נישט קיין נידריגען אָרט... וועט עס מיך מיידען?..

—זש—זשי—ק—ק!

אַך! ס׳האָט זיך אויף מיין פּלייצע דורכ׳ן אַמוניציע-זאַק דורכגעריסען...

אָט, אָט... בלויז אויף איין האָר נידעריגער...
טיפער, טיפער נורע איך זיך אין קוסט. ווי עס שטעכט מיר אין געזיכט, ווי עס ברענט מיר מיין לייב!..

ס'האָט נישט מער ווי אַ צוואַנציג מינוט אָדער עטוואָס מער געדויערט—און וויפיל טויטע! וויפיל פאַרוואונדעטע!.. מען קרעכצט פון אַלע זייטען. מען בעט זיך הילף, נאָר אין דער פינסטערניש איז נאָר דער גרויזאַמער טויט אַליין פראַנק און פריי אומגעגאַנגען...

מ'גייט שטיל, שטיל אין אַ קייט. קוילען פייפען זעלטע-נער. קאַנאַנוועס, גריבער, אַ פלאַך פעלד. אויף אַ פרייען גלייכען פלאַץ הייסט מען זיך אַיינגראָבען. מען רעדט שטיל, מיט אַן אַיינגעהאַלטענעם אָטעם. מען גראָבט אָהן רעש און אָהן איבריגע באַוועגונגען. קיין רידעלע גיט קיין העכערן קלונג נישט צ'רויס.
פון אַ ווינקעל הויבט אָן צו פויזשען איבער דער ערד אַ לאַנגער שמאָלער פאַס העלער ליכטיגקייט.
—אַ פראָזשעקטאָר!
דער פאַס קריכט לאַנגזאַם לייננ־אויס איבער אונזער קייט, און באַלד דערויף הויבט זיך ווידער אָן אַ פייער-רעגען.
איך ליג אין מיין פלאַכען נישט-פאַר'טיגען אָקאָפּ און גלייך זיך אויס מיט דער ערד. עס זשומעט איבער מיר פאַר'ן פנים. עטוואָס אַרויסרוקען דעם קאָפּ—איז גענוג! דאָס ביסעל ערד, וואָס איך האָב גראָבענדיג, אַרויסגעשאָטען ביי דער זייט, ווערט אַלע ווייל דורכגעשמיסען דורך קוילען. ערגיץ-וואו טראָגען זיך גראַנאַטען, און אַזוי מאויימ'דיג, אַזוי שרעקליך וואָיען זיי אין דער פינסטערניש!..
אַז דאָס פייער איז שטילער געוואָרען, האָט מען זיך ווידער געהייסען אויפהויבען. מ'גייט צוריק.

אָ, דאָס איבערגיין! ווי נאָנט איז מען פון טויט. אויב עס טרעפט נישט, איז עס נאָר אַ צופאַל, אַ גליקליכער צופאַל. ווען וועט מען שוין ענדליך אויף אַן אָרט ליגען?

ווידער אַ קאַנאַווע. אַ שמאָלע, דורך אַנדערע אַן אויסגע-גראָבענע. מ׳זיצט אינעווייניג און מ׳מאַכט זי ברייטער און טיפער. דאָס רידעלע פאַלט פון דער האַנט, דער קאָפּ צו דער פייכטער ערד, און מ׳ווערט אַנטשלאָפען.

אַ מאַטע גרויקייט. דער הימעל ווי איין שטיק פאַרגליווער-טע קאַלטע גרויע מאַסע. אין די אויגען ברענט און שטעכט. ווען איז די פינסטערניש צוקראָכען געוואָרען?

קאַלט. די ערד איז נאַס, בלאָטיג. די הענט, דאָס פּנים, די זאַכען, די אַמוניציע, די ביקס—אַלץ שוואַרץ און בלאָטיג.

עס ווילט זיך אַ זיפץ-טון לאַנג און ציענדיג.

—עכ—כע—כע!

און דער דאָזיגער זיפץ רופט אַרויס פון דער זייט אַ פראַזע:

—פוי, אַ הינטיש לעבען!

אויפּסניי געגאַנגען.

דערזעלבער פּאָלוואַרק.

דער באַטאַליאָן-קאָמאַנדיר ווייזט מיט׳ן פינגער אין דער ווייט אויף אַ העכערן אָרט—אַהין זאָל מען איבערלויפען.

און—ווידער!

ס׳אַראַ פייער, ס׳אַראַ גיהנום!

איך טוליע זיך פיבערהאַפט צו צו דער ערד, נורע זיך טיפער, טיפער... דער גאַנצער רוים איז מיט טויט אָנגעפילט, און די ווילדע אָפענע אויגען קוקען צושראָקען און משוגע אויף דאָס קליינינקע, קליינינקע שטיקעל ערד, צו וועלכער דאָס פּנים איז שטייף צוגעדריקט.

—זשיק! זשיק! זשיק! זשיק!
מחנות׳ווייז, מחנות׳ווייז טראָגען זיי זיך, די אומזעבאַרע מעטאַלענע טויט-פליגען...

דעם באַטאַליאָנעמ׳ס שטים:
—אַהין, אַהין, צו די אָקאָפּעס!
—שנעלער, אַהין!
מ׳לויפט אָפּטיילונגענווייז.
דאָס פעלד איז אַ גלייכעס, אַ לאַנגעס. איז עס מעגליך ביז דאָרט זאָל נישט טרעפען?.. בלויז איין טראָפּענדעל פון דעם פייערדיגען רעגען...
עס שניידען די רימענס פון דער אַמוניציע, עס ציט אויף הינטען דער זאַק, עס פּלאָנטערט זיך דער שינעל—דו לויפסט. פון וואַנען די כחות?..
—אָ גאָ—אָ—אָט!..
—סאַ—ני—טאַ—ר!..
עס פאַלען איינע נאָך די אַנדערע.
אָט נעבען מיר איז אויך עמיץ אַ פאַל-געטון און, פאַלענדיג, די ביקס אַיינגעלאָזען... זיין רויטער, שרעקליך - רויטער שטערן און ווילדע אָפענע אויגען איז מיר טיף אין אויסגעמאָלטען מאַרך אַריינגעקראָכען, כאָטש איך האָב זיך אויף קיין סעקונדע נישט אָפּגעשטעלט. פאַר די אויגען שווינדעלט, שווינדעלט...
אַ זומפּ. וואַסער און טיפע בלאָטע... די פיס קריכען אַריין טיף, קלעבען זיך... די כחות זאָגען זיך אָפּ...
—זשיק! זשיק!..
אַך, אָט באַלד... אָט באַלד... דאָ אין זומפּ... פאַלען און זינקען אונטען אין דער שמוציגער בלאָטע און פוילען, פוילען...

אַ טרוקענער אָרט, קוים אַרויסגעקראָכען.

איך פאַל אַ מאַכטלאָזער און אָטעם שווער און פאַרמאַ-
טערט. אינעווייניג זעצט דאָס בלוט. די זאכען אויף מיר זענען
איסגעווייקט, די שטיוועל פול וואַסער.

עס לויפט-איבער די קיים.

—פאָרווערטס!

אַריינגעצויגען אַ ביסעל לופט אין די לונגען און ווייטער
געלאָפען.

—שאַ—

—וו—וו—וו—וו—וו—וו—וו—וו...

—ב—ב—ב—אַ—אַך!..

גראַנאַטען און שראַפּנעלען. די לופט ציטערט...

איינע נאָך די אַנדערע, איינע נאָך די אַנדערע...

אָקאָפּעס!

דאָס לעצטע ביסעל קרעפטען שטריינג איך אָן, לויף צו
און טו אַ פאַל אינעווייניג. מענשען, לעבעדיגע מענשען—אויף זיי
בין איך אַרויפגעפאַלען. קיין פאַראיבעל האָבען זיי נישט: אפשר
זענען זיי פריער אויך אויף עמיצען אַרויפגעפאַלען?..

באַלד זענען שוין אַלע אין די אָקאָפּעס געווען. אַלע,
אויסער יענע, וואָס זענען אויפ'ן פעלד געבליבען...

איך גיי איבער דערגעבען אין אַ „פריי"-געוואָרענעם אָקאָפּ.
איך וואַרף אַרויס פון דאָרט אַמוניציע און ציה זיך מאַכטלאָז אויס.
אויף אַ פּאָר טריט ליגט אַ טויטער מיט אַ געלען פנים און האַלב-
אָפענע אויגען... ליג איך נישט איצט אויף זיין אָרט?..

איך בין שוואַך ווי אַ קינד. אויפהויבען זיך וואָלט איך,
דוכט זיך, שוין נישט געקאָנט. איך ליג אָהן באַוועגונג און קוק
שטום אויפ'ן הימעל. כ'בין, דוכט זיך, איצט גלייכגילטיג, גאַנץ
גלייכגילטיג צו אַלץ, אפילו צום טויט... און אפשר.. אפשר
וואָלט טאַקי סוף-כל-סוף פיל, פיל בעסער געווען,—אי פאַר'ן

אויסגעפּייניגטען גוף, אי פאַר דער יסורים-פולער נשמה,—צו ליגען אַזוי ווי אָט דער אויסגעצויגענער אַנטקעגען מיר?— — —

עמיץ בויגט זיך אָן איבער מיר.

—וואָס ווילסטו?

—עך—כע—כע!—צולאַכט זיך יענער,—געמיינט אַ דער'הרגעטער, געוואָלט פאַר די פיס אַרויסשלעפּען... כ'האָב קיין אָרט נישט...

ער גייט אַוועק האַלב אַנטטוישט...

איך לאַך אויך אין געדאַנק: ס'אַראַ טעות... איבער מיר... איבער מיר... געמיינט, איך בין שוין טויט... און אַ גאַנץ געוויינליכע זאַך! קיין גרימאַסע-ענדערונג, קיין איבעררּאַשונג. און מיין גאַנצע „קליינע וועלטעל"? אַ נול, אַ נול!.. פאַרקערט, יענער וואָלט אפשר בעת מעשה גאַנץ צופרידען געווען, וואָס ער קאָן מיין אָקאָפּ פאַרגעמען—אַזוי ווי איך, אפשר, אַן אַנדערעגס...

אין די שכנ'ישע אָקאָפּעס האַלט מען ברויט.

וויפיל טעג האָב איך שוין נישט געגעסען?..

ערגעצטען זיך געלייגט אין דער חורבה מיט טיי, נעלעען בייטאָג—ריבען מיט'ן פּענעץ ברויט, וואָס דער סאָלדאַט מיט דער פור האָט געגעבען, און היינט... שוין דער דריטער טאָג...

נאָר ניין! איך וועל ביי קיינעם נישט בעטען. איך זעה מיט וואָס פאַר אַ הונגער מ'שטעלט אונטער די האַנט פאַר די ברעקלעך. ווען איך האָב כח, וואָלט איך געגענאיבער צו דער לוזשע צוגעגאַנגען. אין האַלז איז עפּעס טרוקען און עס שטעכט, גלייך ווי הייסער זאַמד וואָלט דאָרט געווען אָנגעשאָטען. אינעווייניג איז ליידיג און פּוסט און ווי אַלץ וואָלט זיך איינגעשרומפּט.

איך מוז אָבער צוגיין; ווען נישט האַקט זיך מיין אָטעם אָפּ. איך שפּיר ווי עס שטעכט אינעווייניג אין די לונגען.

איך הויב זיך קוים אויף.

ווי שווער עס רירען זיך מיינע גלידער. עס גיט אַ פייף איין קיל פאַר מיין קאָפּ, אַ צווייטע, אַ דריטע—איך קום צוריק,

איך זוּפּ פון דער באַקלאַגטע די מוטנע פליסיגקייט און אינעווייניג גיסט זיך עס ווי אויף הייסע ברענענדע וואונדען...

מ׳האָט אין אונזער ראָטע אויך געבראַכט עסען: ברויט און פּאָרציעס פלייש. עס פעלען שוין פיל, פיל מענשען און אויף יעדען קומט-אויס אַ טאָפּעלטער חלק.

איך זיץ אָנגעלעהנט אין אָקאָפּ און עס. כאַ כאַ, שוין אָפּגעוויינט. די ציינער קייען, קייען פּאַמעלעך און האָבען קיין קראַפט נישט...

מען טראָגט פאַרביי אויף נאָסילקעס פאַרוואונדעטע איינע נאָך די אַנדערע. קיין טויטע פעלען אויך נישט. אויסער דעם, וואָס ליגט אין שכנות מיט מיר, קאָן איך, ליגענדיג, אָפּציילען מיט׳ן אויג נאָך אַכט. און דאָס אויף גאָר אַ קליינעם שטח.

פון דער זייט דערהערט זיך פּלוצלונג אַ געשריי, איך הויב-אויף דעם קאָפּ--איינער ליגט נישט ווייט און וואַרפט זיך:— אויף איין מינוט בלויז פון אָקאָפּ אַרויס, ווי איך פריער נאָך וואַסער...

מען ציט אים די זאַכען אַראָפּ—דאָס גאַנצע לייב אין בלוט. אין זייט געטראָפען. ער שרייט משונה׳דיג און וואַרפט זיך קאָנוואולסיוו. וועגען דעם, וואָס ער האָט ביז איצט אין געדאַנק געטראָגען—זיינע איבערגעלאָזטע ערגיץ אין אַ דאָרף ווייב און קינדער,—וועגען דעם רעדט ער איצט אויף אַ וויינענדען קול. מיט זיינע קראַמפּהאַפטע ליפען האָט ער פאַר אַלעמען אומבאַקאַנטע נעמען אַרויסגעבראַכט... איבער אים שטייט אַ פּראַפּאָרשטשיק און וויל אים באַרוהיגען; יענער אָבער הערט נישט אויף צו ריידען, קריצען מיט די ציין און וואַרפט אַלע ווילע מאַכטלאָז די האַנט דעם פּראַפּאָרשטשיק אויפ׳ן האַלז—צי וויל ער אים האַלזען? צי וויל ער אים שטיקען?..

שפּעטער איז ער שוין געלעגען שווייגענדיג און שטיל.

עֶר הָאט זיך ענדליך בּאַרוּהיגט. אויף אייביג בּאַרוּהיגט...

מיר גייען איבּער אין צו אַנדער זייט, נעֶנטער צום פּאַל-וואַרק. קילען פּייפּען זעלטענער, אָבּער גראַנאַטען און שראַפּנעֶלען—איינע נאָך די אַנדערע. עס טרעֶפט איינע אין קייט, אַ צווייטע—און די מענשען ווערען צומישט און צווייט. מ׳לויפט וואוהין איינעם טרייבּט דער שגעון. צי איז עס אַזוי גרויס די ליבּע צום לעבּען אָדער דער פּחד פּאַר אַזאַ גרויזאַמען טויט?..

ס׳אַראַ אויגען! ס׳אַראַ קאָנוואולסיווע בּאַוועגונגען! מ׳לויפט אַהער, אַהין. ווער אין אַ גרוב, ווער אין קאַנאַווע, ווער הינטער אַ וואַנט—וואָס פּאַר די אויגען ווייזט זיך.

איך ליג אין אַ קאַנאַווע און גראָבּ זיך אין דער ערד. פון בּיידע זייטען גראָבּען זיך נאָך פינף—זעקס מענשען. שפּעטער ליג איך שוין און קוק זיך צו ווי אַרום רייסען זיך די שראַפּ-נעלען. אָט רייסט עס זיך אויף איבּער אַ בּוים, אַנטקעגען מיר. אַ טראַסקעריי פון צווייגען און אַ רויש פון צושראָקענע פויגעל, וואָס צופליען זיך אין אַלע זייטען מיט אַ ווילדער צוויטשעריי. אַנדערע פויגעלעך פאַלען אַראָפּ אויף דער ערד... אין דער לופט צופליען זיך פעדערלעך...

אויך די פויגעל האָבּען דאָ קיין רוה נישט: די בּוימער—דאָס איז אַ גוטער ציל פּאַר אַרטילעריע-קוילען. און אומעטום זעט מען זיי דאָ, די אייביג פרייע זינגענדיגע און לוסטיגע פוי-געלעך, איבּער פאַרוויסטעטע פעלדער, אָהן אַ היים, אָהן אַ נעסט... מיט אַ צושראָקענער צוויטשעריי פליען זיי דאָ אַרום...

— אָרעמע, אומשולדיגע!.. אַ לופטיגע פעדערלעך!— —

דער גאַנצער גיהנום האָט זיך אָנגעהויבּען אַרום אונז. איינס נאָך איינס האָבּען זיך דאָ און דאָרט שראַפּנעלען גערי-סען און די גאַנצע לופט מיט וואָלקענס רויך אָנגעפילט.

ס׳אַראַ ריזיגע קראַפט! די וועלט מוז בּאַלד חרוב ווערען.

וואָס פאַר אַ חערט האָבען די מענשען, וואָס גראָבען זיך ווי די ווערים אין דער ערד?..

צושטערונג, צושטערונג!..

און פלוצלונג—

ז—ז—ז—ז—ז—ז—ז—

ב—ב—ב— —ב צך—ך!!!..

די גאַנצע ערד האָט זיך אַ וויג-געטון און, דוכט זיך, דער הימעל אויבען האָט אויך אַ ציטער געטון. ס'איז שוואַרץ געוואָרען. דער „נאַסיפ" פון איבער'ן קאַנאַווע האָט זיך אָפּגע-ריסען און אויף אונז אַ פאַל-געטון. מיין שכן האָט עס אינגאַנ-צען צוגעדעקט, נאָר ביי מיר איז דער קאָפּ דרויסען געבליבען.

—העלפט!

דאָס האָט עמיץ פון דער זייט אַ געשריי געטון צו די איבריגע עטליכע מענשען, וואָס זיינען אַ ביסעל ווייטער גע-לעגען.

מ'האָט אונז ווי עס איז אָפּגעגראָבען. דער אינגאַנצען פאַרשאָטענער איז נאָכדעם אויך צו זיך געקומען.

מאַכסלאָז ווי אַ קינד בין איך נאָכדעם געלעגען. אויפ'ן געזיכט אַ קאַלטער שווייס.

גראָבען זיך ווייטער? אָבער ווי אַזוי? ליג איך אין דער קאַנאַווע אויף דער אויסגעמישטער פייכטער ערד אויסגעצויגען, פאַרשמוציגט, פאַרבלאָטיגט, און קלער, אַז ס'האָט שוין אייגענט-ליך געקאָנט זיין נאָך אַלעם; דער שווערער גראַנאַט האָט פרי-ער געטראָפען אַ ביסעל הינטער מיר און מיך בלויז פאַרשאָטען; ווען אָבער פאָרויס, עטוואָס פאָרויס?..

און עס קריצט זיך בולט אויס אין געדאַנק: אַ גרויסע, שווערע, מעטאַלענע מאַסע לאָזט זיך בליץ-שנעל אַראָפּ מיט אַ טייוועלס'ער קראַפט און מאַכט מאָמענטאַל אַ צומישעניש פון פלייש, ביינער, מאַרך, בלוט, ערד...

פוי, אַזאַ טויט! אַ גרויזאַמער טויט!— — —

כאַ, כאַ, און דאָס טוען מענשען, שטערבליכע מענשען... נישט קיין אומפאַרשטענדליכער בייזער גייסט, נישט קיין שר

המשהית מיט אַ פאַרבלוטיגטען שווערד אין האַנט, וואָס די קראַנקע פאַרשטעלונג באַשאַפט אַמאָל; ניין, מענשען! מענשען פון אונזער ערד, וואָס האָבען פון אַ מוטערס ברוסט געזויגען; וואָס האָבען אַ קינדהייט, אַ יוגענט, גליק, אומגליק, זינד און טוגענד; און אַז זיי ווערען אַלט און אַז זיי שטאַרבען, לייגט מען זיי שערבלעך אויף די אויגען...)

אָבער דאָרטען, דאָרטען איז רוהיגקייט און שטילקייט. דער הימעל, וואָס לאָזט זיך אין האָריזאָנט אַראָפּ, פאַרשטעלט און טיילט-אָפּ פון דאַנען אַ וועלט, וואו מענשען אָטעמען פריי און דער טעמפּאָ פון גאַס ווערט נישט געשטערט דורך אַ העכערן רויש... און די גאַנצע יענע וועלט, די אַלע מענשען, וואָס גייען דאָרט אום, זענען, דוכט זיך, קאַלטע, האַרטע ווי שטאָל און זיי קלערען גאָרנישט, אַז ערגיץ ליגען מענשען מיט קויט און מיט בלאָטע אויסגעמישט און זענען צו ווערים גלייך... רעגעלמעסיג טוען זיי זייער אַרבייט: עסען, טרינקען, שלאָפען, גייען, זיצען, ריידען, לאַכען... יאָ, יאָ, זיי לאַכען. איך זעה זייער אייז-קאַלטען, מעפיסטאָפעלשען שמייכעל— — — —

—ז—ז—ז—ז—ז— ב—ב—ב— באַ-הַך!!!

... ווען איך וואָלט אַ שמשון געווען! ווען איך וואָלט אין מיינע הענט די זיילען פון דער וועלט געהאַט!— — —

— — — — — — — — — — — —

—אום גאָטעס ווילען, אַ ביסעלע וואַסער, דאָרט אין לוזשע.

דאָס האָט עמיץ פון דער זייט געבעטען מיט אַזאַ רחמנות'דיגער שטים, מיט אַזאַ געבעט; אָבער קיינער האָט זיך קיין ריר נישט געטון. דאָסזעלבע האָט איבערגעחזר'ט אַ צווייטער, אַ דריטער און אַזוי אַלע, ווער ס'איז נאָר אין קאַנאַווע געווען.

—האָט רחמנות, אַ ביסעלע וואַסער...

ס'האָט אַלעמען דאָס עסען פאַרשאַדט... אַ דאַנק די הונגעריגע טעג... אגב זענען די „פּאַרציעס" געלעגען אַ פּאָר טעג.

אין האַרצען שטיקט אַ נישט-גוטקייט, שטיקט, איבעלט. עס קראַמפען אינעווייניג די געדערים און— —

—בר—ר—ר—ר--ר—!

אַזוי יעדער איינער, וואו ער איז געלעגען...

עס קערט צוריק...

—אַ ביסעלע וואַסער, אַ ביסעלע וואַסער...

—דאָ איז געפערליך צו ליגען. קומט!

דאָס איז איינער שפּעטער צו זיך געקומען און זיך פון אָרט אויפגעהויבען.

—קומט!—האָט ער געוואָרענט,—ווען נישט בלייבט דאָ פון אונז קיין זכר נישט...

מיט אים זענען אַוועק נאָך עטליכע און צום סוף בין איך איינער אַליין געבליבען: עס רירט זיך נישט קיין פוס, קיין האַנט.

די נערוועץ זענען אָפּגעשוואַכט. אין קאָפּ האָט זיך איין געדאַנק איינגעגעסען:

ס'וועט מיך דאָ איינעם אַליין דער טויט געפינען...

פּאַרנאַכט. ס'איז טונקעל געוואָרען. די קאַנאָנאַדע האָט זיך איבערגעטראָגען ערגיץ אַנדערש. בלויז ביקסען-קילען פייפען פון צייט צו צייט.

איך ליג נאָך אויף דער פייכטער ערד, קאָרטשע זיך און ציטער פון קעלט. איך פיל ווי דאָס הויט פון מיין געזיכט איז צו די ביינער צוגעצויגען און עס שטעכט ווי מיט נאָדלען. אין מח מישט, טומעלט.

צי בין איך נישט ערנסט קראַנק געוואָרען?

אָבער וואָס וועל איך דאָ ליגען איינער אַליין? אפשר וואָלט איך זיך צו מענשען געקאָנט דערשלאָגען?

איך שטריינג-אָן די לעצטע קרעפטען און שטעל זיך אויף די פיס. די קניה וואקלען זיך און אין קאָפּ הויבט נאָך אָן מער צו מיטען. איך קריך אַרויס ווי עס איז פון קאַנאַווע און לאָז

מיך גיין לאַנגזאַם, ווי אַ שכור. גיט אַ פייף אַ קויל פאַרביי, פאַרנעמט עס דאָס אויער גאַנץ גלייכגילטיג...

נישט ווייט נעבען אַ שטיינערנער געביידע זעען זיך מענשען. איך קום אַהין צו און טו אַ פאַל נעבען אַנדערע צוויי, וואָס ליגען עפּעס איינגענורעט. איך קוק זיך צו און זיי ווערען מיר עפּעס פאַרדעכטיג: קיין באַוועגונג.

—ווער זענען זיי?—פרעג איך.

—דער׳הרג׳עטע—ענטפערט מען מיר רוהיג.

איך רוק זיך פון זיי אָפּ כאָטש אויף אַ פּאָר טריט.

—מיט אַ האַלבע שעה צוריק—דערציילט מען מיר ווייטער—האָט דאָ אַ גראַנאַט געטראָפען איבער׳ן דאַך. אייגער—אַ יוד פון אונזער ראָטע.

מען שלעפּט-אַרויס פון זיין אַמוניציע-זאַק דאָס קאַזיאָנע „פאַרצייכניש-ביכעל״ און איך זעה טאַקי: קאַהאַן.

ווי געזונט און פריש איז ער געווען! זעקס און צוואַנציג יאָר...

די קעשענעס זענען שוין ביי אים אויסגעקערטע, די זאַכען פון זיין אַמוניציע-זאַק צעוואָרפען:—מ׳האָט אים שוין גע־ירשנ׳ט נאָך איידער זיין קערפער האָט באַוויזען אָפּגעקילט צו ווערען...

דער קליינער עולם רויכערט.

—וואו האָט איר טאַבאַק געקריגען?

—ביי אים האָבען מיר געפונען—טוען זיי אַ ווייז אויפ׳ן טויטען קאַהאַן,—ווילסט אַ פּאָר ציה טון?

—ניין, איך וויל נישט...

עס האָט מיך אַ שוידער געטון נאָר דער געדאַנק אַליין: זיין טאַבאַק רויכערן!..

איינער אַ גרוזין ציט אַרויס פון טאַש אַ קליינעם פּאָרט־מאָנע און נעמט אַרויס פון דאָרט עפּיס אַ גלאַנציגע זאַך.

—וואָס איז דאָס?

—ציין.

אַך, ציין... צוויי גאָלדענע ציין...

דער גרוזין דערציילט:

—איך גיי פאַרביי צווישן דער׳הרג׳עטע, און ביי איינעם אַן אָפיציר פון אָפענעם מויל בלישטשעט עפּעס אַרויס אַנטקעגן דער זון... איך גיי צו—גאָלדענע ציין...

ער דערענדיגט נישט, וואָס ער האָט ווייטער געטון; אים איז מסתמא אומבאַקוועם, און איך פרעג עס אויך נישט: ס'איז מיר עקעלהאַפט צו הערען די פרטים פון זיין טאַט...

ס'אַראַ פאַנטאַסטישען גלאַנץ האָבען זיי געהאַט, די גאָל-דענע ציין. אַז איך האָב אויף זיי אַ קוק געטון, האָט זיך מיר איסגעוויזען, אַז פון זייער שפּיגעל קוקט אַרויס די נשמה פונ׳ם טויטען...

—פאַרוואָס זענט איר אַזוי בלאַס?

דאָס האָט מיך געפרעגט דער פּראַפּאָרשטשיק, וואָס מחמת פריערדיגער באַקאַנטשאַפט האָט ער מיר „דו" נישט געקאָנט זאָגען.

—אַ ביסעל וואַסער,—בעט איך מיט אַ שוואַכער שטים.

ער קוקט מיך מאָדנע אָן, דוכט זיך, מיט מיטלייד... נאָך וואָס קוקט ער אויף מיר אַזוי?

—ס'וועט איבערגיין,—טרייסט ער מיך—מער חי אַ האַלבע ראָטע איז קראַנק געוואָרען. ס'וועט פינסטערער ווערען, וועט איר דאָ נישט ווייט אין „פּערעוויאַזאָטשני" אַריינגיין.

נאָכדעם שיקט ער עמיצען צו אַ לוזשע נאָך אַ ביסעל וואַ-סער פאַר מיר.

ס'ווערט מיר נאָך קעלטער, איך נורע זיך איין אין שי-נעל און טוליע זיך צו דער קאַלטער שטיינערנער וואַנט, אויף דער קאַלטער ערד, אין קאַלטען אָווענט, נעבען צוויי קאַלטע פאַרגליווערטע טויטע קערפּערס— — —

קאַ—אַ—לט...

פינסטער. חושך.

איך ליג אין עפּעס אַ פערד־שטאַל און נורע זיך אין אַ ווינקעל, נעבען אַ טויער. די ווענט זענען שטיינערנע און אַלע ווילע שלאָגען זיך פון אויסענווייניג אָן זיי קוילען און קאָנען נישט דורכהאַקען. אַ שטאַרקער שטיקענדער ריח פון מיסט. פון דער פינסטערניש הערט זיך אַ סאָפּען און קייען פון פערד. וואו זיי שטייען זעט זיך, נישט, נאָר דוכט זיך גאָר נאָנט.

ס׳האָט זיך אַן עפען-געטון דאָס טויער.

צוויי סאַניטאַרען האָבען אַ „נאַסילקע״ אַריינגעטראָגען, זי אַ שטעל-געטון און אַליין צוריק פאַרשוואונדען.

עס ווייסט זיך אַ מאַרלע-באַנדאַזש גאָר נאָנט פון מיר. איך שיק אַ פראַגע צו דער „נאַסילקע״, אָבער קיין ענטפער. איך הער נאָר אַן אומגעלומפּערטעס כאָרכלען מיט׳ן האַלז—אַזאַ שווערעס, אַזאַ פיינליכעס. ציט ער אַריין דעם אָטעם אין זיך, איז אים שווער צוריק אַרויסצולאָזען; לאָזט ער אים ווידער אַרויס ווי עס איז, מאַטערט ער זיך אויפסניי אים אַריינצוציען, גלייך ווי די לופט וואָלט געווען אַ שווערע געדיכטע מאַסע. כאָטש איך זעה נישט אין דער פינסטער, נאָר בעת-מעשה פיל איך, ווי זיין גאַנצער קערפּער שטריינגט זיך אָן, ווי זיינע גלידער הויבען זיך אַרויף-אַראָפּ, אַרויף-אַראָפּ.

—פ—פ—פ—פ—כ—כ—כ...

—כ—כ—כ—כ—כ—כ—

שניידט דאָס האַרץ ווי מיט טעמפּע מעסערס.

ס׳קומען צוריק אַריין די סאַניטאַרען. זיי נעמען די „נאַסילקע״ און לאָזען זיך גיין. ערגיץ מוז דאָ זיין דער „פּערע-וויאַזאָטשני״.

איך גיי נאָך זיי.

פון אַנטקעגען לייכט זיך אַ פענסטער מיט אַ טונקעלען שיין.

אַ ציגעל-געביידע פון עטליכע צימערן. שטיקענד און הייס. ווי גוט, ווי אנגענעם! די וואַרימקייט נעמט-דורך די צו-בראָכענע גלידער. אויף דער פּאָדלאָגע ליגען אויסגעלייגט מענ-

שען, געדיכט איינע נעבען די אַנדערע. בלויז אַ שמאָל שטיקעל אָרט איז פאַראַן פאַר אַ דורכגאַנג. מ׳שרייט, מ׳קרעכצט, מ׳קריצט מיט די ציין. דורכ׳ן שמאָלען דורכגאַנג טראָגט מען איין „נאַסילקע״ נאָך דער אַנדערער. עס באַגיסען זיך מיט שווייס די סאַני־טאַרען; מיד און פאַרמאַטערט איז שוין דער דאָקטאָר. די אי־בערבונדען—איינס נאָך איינס, און די רייה איז נאָך אַזוי גרויס. מ׳ברייננט אַלע ווייטע אַריין אַלץ פרישע, אַלץ אַנדערע זיפצענ־דע און קרעכצענדע, מיט פינסטערע פנים׳ער, מיט צובלוטיגטע און צוריסענע גלידער...

וויפיל קריפּעלס!

די בעסטע גלידער, די ליבסטע חושים, וואָס מ׳האָט דאָס גאַנצע לעבען אַזוי טייער געהאַלטען—צוהאַקט, צוקאַליעטשעט, צוריסען...

אָט זיצט איינער מיט אַ פאַרבלוטיגטען אויסגערונענעם אויג,—פאַר וואָס פאַר אַ זאַך וואָלט ער עס מקריב געווען?.. און דער, וואָס מיט ביידע איבערגעבונדענע הענט? און יענער אויפ׳ן „נאַסילקע״ מיט דער דורכגעלעכערטער זייט? און יענער מיט דער אָפּגעהאַקטער נאָז—דער שפּיגעל פון פּנים?—און דער, וואָס מיט די צוריסענע געשלעכטס-אָרגאַנען?—די אַלע, אַלע—פאַר וואָס פאַר אַ פּרייז וואָלטען זיי זייערע חושים מיט׳ן גוטען ווילען אָפּגע־געבען?..

עס באַפרייט זיך אַ פּלאַץ אונטער אַ טיש און איך לייג זיך אַרונטער. ווי מיד און שוואַך איך בין. איך נורע זיך איין אין שינעל און ווער אַנטשלאָפען אונטער די אומאויפהערליכע זיפצען און קרעכצען— — —

עמיץ האַלט די האַנט אויף מיין אַקסעל:

—שוין איבערגעבונדען?

ס׳איז אַ סאַניטאַר.

—נישט קיין פאַרוואונדעטער,—ענטפער איך נישט דרייסט,— הם... אַזוי...—האָב איך געשטאַמעלט.

בעוואָלט האָב איך אייגענטליך זאָגען, אַז כ׳בין קראַנק, באָר כ׳האָב גלייך דערפילט זיין מיסטרויאישען בליק און האָב



און פייער (צו די קאפ. V. XII).

אַנדערש פאַרענדיגט, אגב האָב איך זיך טאַקי דערשפּירט אַ סך, אַ סך לייכטער און פרישער נאָכ'ן עטליכע־שעה'דיגען שלאָף אין דער וואַרעם, אונטער אַ דאַך.

איך קוק זיך אַרום—שוין האַלב־פּוסט. כמעט אַלע פאַר־וואונדעטע זענען ענטוועדער אַליין אַוועק, אָדער מ'האָט זיי אַוועקגעטראָגען. געבליבען זענען געציילטע.

איך שטעל מיך אין טיר—ס'איז נאָך פינסטער, נאָר דורך דאָס פינסטערניש הויבט־אָן עפּעס גרויעס צו שפּרייטען זיך. ביסלעכווייז ווערט גרויער און גרויער.

שפּעטער אַ ווײַלע ליג איך שוין ווידער אויפגעדרייט אין אַן אָקאָפּ הינטער דערזעלבער ציגעל־געביידע.

פון אָקאָפּ הער איך, ווי דער „ראַטני" בייזערט זיך אויפ'ן פעלדפעבעל:

—וואו זענען די מענשען?

דער פעלדפעבעל רעכענט דאָרט פון אַ רייסטער:

—דער'הרג'עטע—אַזויפיל און אַזויפיל... פאַרוואונדעטע אַזוי־פיל און אַזויפיל... קראַנקע... פאַרפאַלענע אָהן ידיעות...

—וואו זענען די מענשען?

איך וואונדער זיך און לאַך אין געדאַנק, וואָס כ'בין צו זיך געקומען—צום גליק אָדער צום אומגליק... אפנים, אויף מיין אייגענעם מזל וואָלט שוין לאַנג אַריבער די מאָס פון מיין מעג־ליכקייט...

מיט'ן באַגינען האָט זיך אויפסניי אָנגעהויבען דאָסזעלבע גיהנום־פייער, דיזעלבע צומישונג. אומאויפהערליך האָט עס גע־וואָיעט, געריסען זיך און געזייט אומעטום טויט און פאַרוויסטונג. און די ביקסען־קוילען האָבען אַלץ עפּעטער געזשומעט און אַן ציגעל־וואַנט זיך געזועצט.

ווידער לויפען מענשען אום אַהער, אַהין, רעכטס, לינקס, פאָרויס, צוריק, ווי אין אַ ברענענדיגען הויז, וואָס אַלע זיינע טי־רען און פענסטער זענען פאַרשלאָסען. ווידער דער'הרג'עטע, נאָך

טיש-באַפּעלדיגע... קרעכצן פון אָקאָרשט פּאַרוואונדעטע...
עס לויפט אַריין צו מיר אין גרוב מיין באַקאַנטער פּראָ-פּאָרשטשיק—אַ פינסטערער, אַ פאַרשמוציגטער, אין בלאָטע. ביס-לעכווייז פאַרשווינדט די שרעק פון זיין פּנים; ער שמייכעלט ביטער און זאָגט:
—איך פיל, מ׳וועט מיך הרג׳ענען. איין קויל האָט שוין מיין שינעל דורכגעלעכערט. אָט זעט!..
ער האָט פאַרטראַכט דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט, מיט דער האַנט דעם שטערן זיך געריבען און נאָכדעם באַמערקט:
—איך ווייס נישט פאַרוואָס, היינטיגס טאָג—כ׳בין מיך מודה—בין איך עפּעס מאָדנע אומרוהיג... די קוילען פייפען עפּעס צו נאָנט פון מיר... וועט איר מיך כאָטש באַזינגען?..—גיט ער צו מיט אַ טרויעריגען שמייכעל.
—ווער ווייס, ווער וועמען?..
און קוקענדיג אין זיינע אויגען, האָב איך דייטליך געזען דעם שוואַרצען שאָטען פון טויט...
—ב—ב—ב—אַ—אַ—אַן!!
אַ גראַנאַט האָט פּונקט אַנטקעגען אין דער ציגעל-געביידע זיך אַריינגעריסען. פון דאַך האָבען גענומען פליען צושטויסענע ציגלען און גלייך אויף אונז אין אָקאָפּ.
—דאָרט מוזען נאָך פאַרוואונדעטע זיין!
אַ צווייטער גראַנאַט, אַ דריטער! אין וואַנט, אין דאַך. בלייבען דאָ לייגער איז אוממעגליך.

מ׳בייט די אָקאָפּעס אַלע שעה, אַלע האַלבע שעה. עס קלעקט שוין קיין כּח נישט צו גראָבען פרישע, אָדער צו פאַר-פּולקומען די געפונענע. עס יאָגט אָבער דער טויט, און נישט אַזוי דער טויט גופא, ווי זיין גרויזאַמע פאָרם...
און פּונקט אַזוי ווי דאָרט ביי דער בריק, רייסט זיך ווי-דער אויף אַ שראַפּנעל און איך ווייס נישט, ווי אַזוי ס׳האָט זיך אויף מיר נישט אַראָפּגעלאָזט אַ שטיקעל מעטאַל... אינסטינקטיוו

בין איך צו דער ערד אַ פּאַל-געטון און בלויז אַ שוואַרצער שטויב. פון הייך און איבערגעברעגטען פּולווער האָט מיך האַסטיג־ניי מיט זאַמד פאַרשאָטען.

## XIII

די קייט ווערט איבערגעפירט רעכטער פון פאָלוואַרק.

מיר גראָבען אַן אָקאָפּ זאַלבעזעקסט. צוליב די קוילען גראָבט מען ליגענדיגערהייט. פון אויבען לייגט מען גראָבע קלע-צער אַרויף, און אויף די קלעצער די אויסגעגראָבענע ערד.

אַ פרישע היים...

דאָ רוט מען שוין. די פיס קאָן מען טאַקי נישט אויס-ציען, דער רוקען ברעכט—אָבער אויף אַן אָרט.

אונזער ראָטע רעכענט זיך אין רעזערוו און מיר ליגען דאָ אַזוי גאַנצע דריי מעת-לעת. אַ גאַנצען טאָג קוילען, שראַפּנעלען און שווערע גראַנאַטען און ביינאַכט קוילען אַליין. אין אָווענט, אַז ס'פלעגט פינסטער ווערען, פלעגט אין דער שטיל קומען צו פאָרען די קיך. ווי די האָזען פלעגט מען אַרויסשפּרינגען מיט די קעסעלעך און אין דער גיך צוריקלויפען. איינער באַצאָלט אויפ'ן וועג פאַר'ן ביסעל וואַרעמען „באָרשטש" מיט אַ פוס, דער אַנדערער מיט אַ האַנט, מיט אַ זייט... אָבער כמעט אַלע לויפען נאָך דעם: אַ צו שטאַרקען, אַ צו אומבאַזיגבאַרען רייץ האָט עס געהאַט פאַר דעם פאַרשמאַכטען, פאַר'הלש'טען האַרץ!..

דריי טעג...

דריי טעג פון מאַרך-אָנשטריינגונג און ערוואַרטונג...

פון אַלע מוח-ווינקעלעך קומען זיי, די פינסטערע געדאַנ-קען, און קיין איינציגע רגע איז די נשמה פון זיי נישט פריי. אפילו ביינאַכט אַמאָל, ווען דער שלאָף קומט אויף אַ ווילע און

די ברעמען שליסען זיך צו, וויקלען זיי זיך אויף, דיזעלבע גע-דאַנקען, אַ ביסעל נאָר פאַרנעבעלט, און וועבען אַלץ דיקער און פינסטערער די נעץ פון טויט— — —

דריי טעג...

געוואוספט האָט יעדער, אַז איטליכע מינוט קאָן מען הייסען גיין אַהין, נאָך נענטער, נאָך נענטער...

---

פון דער הויך הערט זיך דעם באַטאַליאָנעמ ס שטיב. ער האַלט אַ טעלעפאָן-רערעל און גיט-איבער אַ באַריכט אין שטאַב אַריין:

—האַלב צוויי האָט זיך אויפגעהויבען איבער אונזער פּאָ-זיציע דעם שונא׳ס אַן אַעראָפּלאַן. אונזער באַטערייע האָט אים אָבער באַשאָסען און געצוואונגען זיך אומצוקערען.

איך שטעק אַרויס דעם קאָפּ אַ ווייל—ס׳אַראַ אומפאָרכטי-גער! ער שטייט אין גאַנצען וואוקס, רוהיג און גלייכגילטיג און רעדט געציילטע ווערטער מיט׳ן שטאַב. קיינעם, אַ חוץ אים, איז אין דער הויך נישט צו זען. דער באַטאַליאָנער לאָזט קיינעם נישט אַרומדרייען זיך סתם אין דער וועלט אַריין אונטער די פון צייט־צו-צייט דורכפייפענדע קוילען.

דער באַטאַליאָנער שטייט אָנגעשפּאַרט אָן אַ שטעקען: האָט שוין באַקומען אַ קויל אין פוס און האָט אפילו אין „פּערעוויאַ-זאָטשני״ נישט געוואָלט גיין. עס רייצט אים, אפנים, דער גע-דאַנק וועגען אַ „געאָרגי״ אויף דער ברוסט.

ער לייגט אַוועק דאָס טעלעפאָן-רערעל און קוקט דורך אַ בינאָקל. פּלוצלונג הויבט ער אָן כמעט ווי שרייען:

—העי, אווסטריאַקעס ברענען!

פון די אָקאָפּעס האָבען אַ סך אַרויסגעשטעקט די קעפּ און פאַרקוקט אין דער ריכטונג פון דער ערשטער ליניע. אין דער ווייטענס האָבען זיך געוויקעלט וואָלקענס רויך אויסגעמיטט מיט פלאַמען.

—העי, ס׳אַראַ פריילעכע אילומינאַציע אונזער באַטעריי

האָט אָנגעמאַכט! בראַוואָ! בראַוואָ!

מ׳ליגט ווידער אויפגעדרייט און מ׳רעדט וועגן דער העל־דישקייט פון באַטאַליאָנעם.

—קיין טרוקענער וועט ער שוין נישט אַרויסגיין...—באַמערקט בריוסילאָוו.

און טימאָפייעוו האַלט-אונטער:

—אַ משוגענער מענטש...

פלוצלונג ווערט פינסטער אין אונזער זָקאָפּ: איבער דער גאַנצער אויבערשטער עפענונג איז עמיץ האַסטיג אַ פאַל-געטון, און ממש אויף אונז אינעווייניג זיך אַ וואָרף־געטון.

דאָס איז געווען דער אונטעראָפיציר פּיאָדאָראָוו, אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט בלייכע איינגעפאַלענע באַקען. לכתחילה האָט מען געמיינט, אַז דאָס איז ער אומגעפאַלען דורך אַ קויל, אָבער ער האָט זיך פּשוט איבערגעשראָקען און צו אונז אַריינגעפאַלען, און פון שרעק טאַקי איז ער אַזוי בלייך און אָטעמט אַזוי שנעל...

צוזאַמען מיט׳ן אונטעראָפיציר איז ביי אונז אין אָקאָפּ צוגעקומען אַ ריח-רע... מיר פאַרשטייען אַלע פון וואַנען עס שטאַמט: דער פּחדן האָט, אפנים, שטענדיג מורא פון אָקאָפּ אַרויסגיין אויף אַ ווייל...

דער עולם ביי אונז אין אָקאָפּ הויבט זיך אָן צו הויבן זאיף זיין אַדרעס.

—אַ העלד איז געווען דמיטרי—רופט זיך אָן אַ בערדיגער פּויער:—האָט קיינמאָל נישט מורא געהאַט אַרויסצוגיין פון זָקאָפּ, נעכטען ביינאַכט איז ער טאַקי געקומען צוריק צו לויפען מיט אַ קויל אין איין האַנט און אין דער אַנדער האַנט האָט ער געהאַלטען די תחתונים... ס׳האָט אים אין מיטען דערינען געטראָפען...

—און דאָס איז געווען נישט מער ווי אַ פּראָסטער ריאַדאָוואָי—כאַפּט אונטער בריוסילאָוו:—פאַר אַן אונטעראָפיציר פאַסט אודאי נישט צו באַגיין זיך ווי אַ צוויי־יעריג קינד...

—דאָ איז אַ שרעקליכע ענגשאַפט!—שרייט טימאָפייעוו.

—מיינע פיס, איר זיצט אויף מיינע פיס, גאָספּאָדין אונטעראָפיציר!

ס'האָט אים יעדער געגעבן אָנצוהערעניש, אַז ער איז אַן איבעריגער. ער האָט געשוויגען ווי די וואַנט און מיט קיין וואָרט זיך נישט אָפּגערופען. לסוף הויבט ער זיך אויף, פרובט אַרויסשטעקען דעם קאָפּ און צוריק אַריינכאַפּען.

—דרייסטער, דרייסטער!—קאָמאַנדעוועט דער בערדיגער.

דער אונטעראָפיציר כאַפּט זיך אַרויס און אַנטלויפט ווי אַ דערשראָקענער האָז...

ביי אונז ברעכט-אויס אַ געלעכטער.

—אין קאַזאַרמע—דערציילט מיין יודישער שכן,—איז ער אַ גאַנצער העלד געווען. איינמאָל איז אים מיין „פּאַיאָס" נישט געפעלען געוואָרען און ער האָט מיר דערלאַנגט אַזאַ זעץ אין „בליאַכע", אַז כ'האָב געמוזט פון „סטראָי" אַרויסגיין. יאָ, יאָ, דאָרט איז ער אַ העלד געווען...

—וואָס לוינט אים טאַקי צו שטאַרבען?—פרעגט דער בערדיגער פויער—מסתמא וואַרט אויף אים אַ מיידעל אין דאָרף.

—נו און פאָטערלאַנד?..—באַמערקט ווער.

דער בערדיגער פויער צינדט זיך אָן:

—„פאָטערלאַנד"!.. אונז, בהמות, שיקט מען צו דער שחיטה און די אַלע, וואָס האַקען אַ טשייניק: „פאָטערלאַנד", פרעסען ערגיץ און זויפען און לאָזען זיך וואויל גיין אויף אונזער חשבון... דאָס זענען הינטישע לעבערס!

דעם דריטען טאָג הערט מען פלוצלונג דעם באַטאַליאָנעמס שמים:

—ריינינגען די פאַררוסטעטע זאַטוואָרען! די שטיקעס!

און נאָכדעם איז אַ פאַרנאַכט אָנגעקומען—אַ גרויזאַמער, פול פיין און אימת-מות. ווילד האָט אַרום דער טויט געהערשט. די שווערע גראַנאַטען האָבען ווי בלוטדורשטיגע שרעקליכע חיות געוואָיעט און וואו נאָר זייער ווילדע קראַפט און צאָרן האָט געטראָפען, האָט זיך אַ גאַנצער ערד-נעבעל אויף צענדליגער מעטער אין דער הויך געהויבען און די ברייטע טיפע גרוב, וואָס

א׳ז דערביי אויסגעגראָבען געוואָרען, איז מיט וואַסער פול גע־וואָרען...

אַזעלכע גריבער זענען אַרום אונז אַ סך, אַ סך געוואָרען... מענשען האָבען זיך אין זייערע גריבער פעסט, פעסט צו דער ערד געדריקט... נאָר יעדע ווילע האָט שרעקליך אַ דונער גע־טון און די ערד אַליין האָט אויך אָנגעהויבען צו ציטערן פון אימה, און די הערצער, וואָס האָבען זיך קלאַפּענדיג געדריקט צו איר, האָבען נאָך שטאַרקער דערשפירט די שוצלאָזיגקייט, די הילפלאָזיגקייט...

ביז רעכט פינסטער האָט עס געדויערט... דאַן איז די קאַ־נאָנאַדע אַנטשטילט געוואָרען, און ווער ס׳האָט פון דער ערד דעם קאָפּ אַרויסגעשטעקט, האָט אַנטקעגען ברייטע גרויסע פלאַ־מען געזען... אַנטקעגען... לינקס... רעכטס... ווי אימה׳דיג ס׳האָט אויסגעזען... ווי איינזאַם און ווי טרויעריג!.. דאָס אָנגעשטריינגטע אויער האָט ווייטע עלענדע קרעכצען פאַרנומען— — — ווער ווייגט עס דאָרט אין פעלד?..

XIV

אין מיטען נאַכט.

ווי שטומע געשפענסטער באַוועגען זיך מענשען און מאַפען שטילערהייט מיט די טריט אין דער פינסטערניש. אונטער די פיס—גריבער, טיפע און ברייטע גריבער פון גראַנאַטען, מיט וואַסער אָנגעפילט...

טאָלען, בערגער, קאַנאַוועס.

עס פייפען קוילען פאַר׳ן אויער, און איבליבער איז שטיל, שווייגענדיג און אָנגעשטריינגט.

אָקאָפעס.

איינציגע אָקאָפעס, אָפענע.

דאָ איז די צווייטע ליניע.

איך קריך אַריין אין אַ גרוב, מאַך זי טיפער און לייגער און ציה זיך אויס. אויבען—אַ פינסטערער אומעט־גער הימעל, אָהן אַ שטערענדעל. די קוילען-פייפעריי פון אויבען איז דאָ באַזונדערס אימה׳דיג.

איך באַטראַכט אין דער פינסטער מיין פירקאַנטיגע גרוב— אַן אמת׳ער קבר: לאַנג, שמאָל און פינסטער. אין קבר וועל איך אויך אַזוי ליגען אין אויך אַזוי פינסטער וועט דאָרט זיין און פון אויבען וועלען קריכען ווערים, בלינדע, דורשטיגע, עקלהאַפטע.

שלאָפען וועל איך שוין היינטיגע נאַכט, ווייזט־אויס, גאָרנישט—קאַלט. און טאָמער הויבען זיך אָן ווי עס איז צו שלייסען די מידע ברעמען, ווערט באַלד דער דרימעל ווי שפינוועבס צוריסען: איבער׳ן לייב קריכט עפּיס מיאוס׳עס און איבעלדיגעס...

בר—ו—ן!

עס בליצט-דורך—
אַ יונגערמאַן, מאָדיש געקליידט, ווייסע, זויבערע האַרטע וועש, הוט, האַנדשו...
בין איך עס דען געווען?.. אָט דערזועלבער, וואָס ליגט איצט אָט דאָ, אין דער פינסטערער גרוב, אין שמוץ און אין קעלט?. איז מעגליך אַזאַ פאַרוואַנדלונג?..
אָ די פאַראַזיטען!—

לאַנגזאַם איז דאָס פינסטערניש שיטערער געוואָרען און ס'ווערט ליכטיגער.
דער טייוועל עפּעס זיין מויל און באַגריסט דעם טויטען בלייכען פרימאָרגען.
כ'האָב פּלוצלונג די אויגען געעפענט—
צי, חלומות?.. אָדער האַלוצינאַציעס פון מיין קראַנקען אויסגעמאַטערטען מאַרך?.. ווי בין איך זיי אָבער דאַנקבאַר דער-פאַר, וואָס זיי האָבען מיך כאָטש אויף מינוטען אָדער שעה'ן פון דאַנען אַוועקגעטראָגען...
קעלט. ווען נישט די קעלט, וואָלט איך אפשר לייגער געשלאָפען. ווי גוט עס האָט זיך געפילט מיין נשמה. וואָלטען זיי געקומען נאָך מער, די חלומות, ווי די יונגע זינגענדיגע שוואַלבען אין פרילינג... וואָלטען זיי אַ ביסעל לייגער דאָס פאַרלאָרענע געוויזען, דאָס פאַרשוואונדענע אומגעקערט!— —
געשלאָפען בין איך, ווייזט-אויס, אַ היבשע צייט; די חלומות זענען איינע נאָך די אַנדערע געקומען און אַלע געדיינק איך אַזוי קלאָר; אַלע האָבען זיך אין זכרון איינגעשניטען...
דייטליך האָב איך געזען מיין לעצטען צימער אויף דער פרייהייט. די בלויע ווענט, די עטאַזשערקע מיט ביכער, די קונסט-בילדער און באַזונדערס האָט איצט מיין אויפמערקזאַמקייט צוגעצויגען „דער פישער-טרוים". אַ יונגער פישער דרימעלט אין אַ שיפעל, וואָס טראָגט זיך אויף די וועלען פון שטילען טייך. פונ'ם וואַסער ערהויבען זיך וואַסער-פייעס, ווייסע שלאַנקע מאַרמאָרנע לייבער און צופלאָסענע האָר. זיי רינגלען אַרום

דאָס שיפּעל אוֹך מאַנכע קלעטערען אין דער הויך אויף די ראַנ-
דען און רינגלען אַרום דעם טרוימענדען פישער...

נאָכדעם בין איך אין עפּעס אַ קרייז פון אַ סך באַקאַנטע
אַריינגעפאַלען. פריינט, פריינט, פריינט... ליכטיג און פריילך
ברענט דער גאַז, היימיש און פריי זיצט מען אויף די פון אונ-
טער די שוואַכע בעטלעך צוּרויסגערוקטע „קאָרזינקעס"... אַן
אָווענט פון מוזיק... שטיל און פאַר'חלומ'ט גיסען זיך טענער פון
אַ פידעל...

—בראַוואָ!

—בראַוואָ!

—וויוואַט!..

באַוועגונג. יונגער געלעכטער. עקסטאַז!..

— — — — — — — — — — —

פון מיטען דער דאָזיגער היימישער אַטמאָספערע האָב איך
מיך אין אַ נישט גרויסען אנגענעמען צימערל דערזען... אָווענט.
אַ טונקעלע ליכטיגקייט פון אַ בלויען אַבאַזשור. אין אַלע ווינקע-
לעך איז די זאָרג פון אַ מיידעלשען בליק קענטיג געווען. פאַר-
שידענע בילדער און סטאַטועטקעס. אַ פרישער לעבעדיגער בלו-
מען-בוקעט האָט אַ פאַר'שכור'נדען אַראָמאַט אַרויסגעגעבען, און
ס'האָט מיך דורכגעדרונגען אַ ווייכע, גלעטענדע ביינקשאַפט...
איך דערנענטער זיך צום דיוואַן—אַ פרויען-געשטאַלט. אַ נאָנטע
און צוגלייך אַ פרעמדע. איך האָב זי, דוכט זיך, ווען שוין
געזען און קאָן מיך נישט דערמאָנען ווען און וואו. אַלע אירע
שטריכען זענען עפּעס אַזוי באַקאַנט, אַזוי ליב, און אָהן שום
קווינקלעניש בין איך צו איר צוגעגאַנגען און דרייסט איבער
איר זיך אַנידערגעשטעלט. מיין לינקע האַנט האָב איך געהאַל-
טען אויף איר רעכטען אַקסעל און די רעכטע האָט זיך גע-
פלאָנטערט אין אירע ווייכע צופלאָסענע האָר... און די אויגען...
ס'אַראַ רעטזעלהאַפטע אויגען! כ'האָב נאָך אויפ'ן וואָר קיינמאָל
אַזעלכע אויגען נישט געזען. אין זיי איז געווען אי ליבע, אי
ביינקשאַפט, אי אומעט, אי טרויער—אַ ספינקס! איך האָב שטום
צריינגעקוקט אין זייער אומענדליכקייט און בין אינגאַנצען פאַר-

שלונגען געוואָרען.

—כאַ, כאַ, כאַ!—האָט זי זיך מיטאַמאָל יונג פונאַנדערגע-לאַכט און איר יונגער עלאַסטישער קערפּער האָט זיך גראַציעז באַוועגען אָנגעהויבען און די אַנטבלויזטע שוואַנען-ווייסע הענט האָבען זיך ווי צויבערליכע שלאַנגען געבויגען...

—האַלט אָפען די אויגען!—האָבען מיינע ליפּען שטיל געשעפּטשעט.

—כאַ, כאַ, כאַ!— — —

— — — — — — — — — — — —

און דאָ בין איך ווידער ערגעץ פאַרוואַנדעלט געוואָרען, ווייט, ווייט פון׳ם קליינעם כשוף׳דיגען צימערל...

און ס׳טוט מיר איצט אמת׳דיג באַנג. פאַרוואָס האָב איך זי נישט געקושט? פאַרוואָס האָב איך נישט געקושט די אויגען, די ליפּען, די שמעקעדיגע האָר?— — — ווער ווייס, אפשר האָב איך עס איצט אין חלום צום לעצטען מאָל דעם געשפּענסט פון אַ פרוי געזען?— אפשר וועל איך שוין אויפ׳ן וואָר נישט פילען מער נעבען זיך דאָס ווען, וואָס גראָבט אין אונז קוואַלען פון גרענעצלאָזען גליק און אומענדליכע ליידען?— — —

— — — — — — — — — — — —

דער גוטער רעטזעלהאַפטער מלאך פון חלומות האָט מיך אויף זיינע גרינגע פליגעל אומבאַמערקט אויך אין שטעטעל געבראַכט.

אַ שיינער זומער-טאָג. פון בלויען אומענדליכען הימעל-ים האָבען זיך שטראָמען ליכטיגקייט געגאָסען. די שטענדיג נידעריגע הילצערנע הייזלעך האָבען זיך ווי העכער צום הימעל אויפגעהויבען. ווייס און וואַרעם זענען די שטיינער געווען. שטאָלץ און נחת׳דיג זענען די גאַסען געלעגען צופרידענע, וואָס איבער זיי איז אַזאַ בלענדענדע העלקייט... און איך? איך בין דאָ פון ערגעץ ווייט, ווייט געקומען—איך ווייס נישט פון וואַנען—און ביי אַרום אָהן ציל און אָהן זויסרעכנונג, אַ גליקליכער, אַ פריידיגער איבער דעם יום-טוב׳דיגען שטעטעל. פאַר די אויגען—אַזעלכע פריידיגע פּנימ׳ער, אַלע אַזעלכע נאָנטע, אַזעלכע מילדע, ווי

פון איין גליקליכער מאַמע, וואָס האָט איטליכען מיט אַזויפ'ל לעבענס-פרייד אויף דער וועלט געבוירען... און הינטער די היי-זער, אויפ'ן פעלד—ס'אַראַ ברייטקייט, ס'אַראַ רחבות. אַ גרינער יום-טוב! עס ציט מיך, עס רייצט מיך, איך גיי איבער וועגען, איבער פעלדער און לאָנקעס. ווי ליכטיג, ווי העל, ווי גרין! אפילו דער בית-עולם, דאָס אייביגע בערגעל, וואָס ליגט אין דער זייט, האָט אויך אַ מונטערן אויסזען באַקומען. ברייט און לאַנג שלייגעלט זיך זיין מיט גראָז באַוואַקסענער שטיינערנער פּאַרקאַן און דער גרויסער הילצענער טויער זעט גאָרנישט אויס ווי אַ טויער, דורך וועלכען מען גייט שוין קיינמאָל צוריק נישט אַרויס... רוהיג און שווייגענדיג האָבען די מצבות פון צווישען די געדיכטע שטרויכען אַרויסגעקוקט, און ליכטיגע נשמות פון דורות-לאַנג פאַרשטאָרבענע האָבען איבער זייערע פאַרזונקענע גרינע קברים אַרומגעשוועבט... און געפילט האָט זיך ווי אַלץ גרייט זיך צו תחית-המתים— — — — — —

ווי ליכטיג איז אַלץ, ווי העל, ווי גרין!.. כ'בין שכור... איך שפּרייט מיינע אָרעמס און וויל די גאַנצע וועלט אַרומנעמען—ווי ליב איך האָב זי, ווי ליב, ווי ליב, ווי ליב!— — —

נאָר אַנשטאָט די ברייטקייט פון דעם ליכטיגען טאָג, האָבען מיינע אויסגעשפּרייטע אָרעמס די פייכטע קאַלטע ערד פון מיין „אָקאָפּ" אומאַרעמט, און איך האָב די אויגען געעפענט...

גרויער ווערט אין דער הויך דער הימעל. אייניציגווייז לע-שען זיך די שטערען און פאַרגייען.

קאַלט... ווי אַלץ איז אומזיניג!

איך אַליין—דער ערד-וואָרים,—דער הימעל, די שטערען, די זשומעריי פון די קוילען—אַלץ איז אומזיניג, אומזיניג...

אומזיניג, קאַלט און טויט...

אָבער אינעווייניג טיף, טיף אינעווייניג גראָבט זיך אַ היי-סער, אַ ברענענדיגער פאַרלאַנג—

לעבען!

אַך, עס חילט זיך לעבען... צו ווייניג עס אויסגענוצט, צו ווייניג...

אַך, לעבען, לעבען!

עס בלייבט שוין דער אויסגעמוטשעטער הימעל און ס׳פאַר-גייען שוין די לעצטע אויסגעמאַטערטע שטערען.

ביסלעכווייז ווערט ליכטיגער און ליכטיגער און ס׳באַווייזט זיך אויף די זון, אַ קילע, אַ בלאַסע, מיט אָהנמעכטיגע שטראַלען. פאַר די זיבען טעג אָבער (ס׳איז שוין דער זיבעטער טאָג!) איז נאָך אַזאַ אויך נישט געווען. און מערקווירדיג, קיין איינציגער שאָס, קיין איינציגער זשום, גלייך ווי די גאַנצע זאַך וואָלט גאָר געווען אויסגעטראַכט פון משוגעים.

האָט עס נישט אַמאָל דער פרימאָרגען געווירקט?..

פונ׳ם שכנ׳ישען אָקאָפּ דערהערט זיך די „געלע״ שטים פון מיין „מוזיקאַלישען״ שכן:

Пускай могила меня накажетъ— — —

ווייזט-אויס, אַז די קאַרגע ליכטיגקייט פון דער הערבסטי-גער זון האָט אים „סענטימענטאַל״ געמאַכט...

מ׳קריכט אַרויס אַ ביסעל אין דער הויך, מ׳גלייכט אויס די ביינער און מ׳קאָכט אפילו טיי אויף קליינע קאָסטרעס אין די אָקאָפּעס.

איך פאַרבעט איינעם צו מיר אין אָקאָפּ אויף טיי (ביי מיין שטענדיגען יודישען שכן האָט שוין אַ קויל דורכ׳ן האַלז דורכגעשפּאַצירט).

מיין „גאַסט״ זעט אויס גאַנץ לעבערליך. דאָס געזיכט כול בלאָטע, דאָס היטעל צוקנייטשט; דער דאַשעק הייגגט אויף עטלי-כע נעט און די הענט, אין וועלכע ער האַלט דעם בלויען קו-ביק טיי, האָבען גאָרנישט קיין לייב-קאָליר. ער זופּט דורשטיג דעם טיי, סמאַקעוועט זיך און ביי יעדען וואָרט דערמאָנט ער גאָט.

—גלויבט איר אין אומשטערבליכקייט פון דער נשמה?

ער קוקט מיך אָן תמ׳עוואַטע.

—גלויבט איר,—פרעג איך קלערער,—אַז ווען דער מענש שטאַרבט, בלייבט זיין נשמה לעבען?

מיין גאַסט שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ.

—איך גלויב, איך גלויב אין גאָט.

—גלויבט איר,—פרעג איך ווייטער,—אַז נאָכ׳ן טויט, אין קבר, הויבט זיך אָן דאָס נייע, דאָס אמת׳ע לעבען?

—איך גלויב, איך גלויב.

—טאָ פאַרוואָס שרעקט אייך אַזוי דער טויט?.. פאַרוואָס ווען איר רעדט וועגען טויט, דערמאָנט איר מיט ציטער גאָט׳ס נאָמען?

—אָבער דער גוף, דער גוף...—וויל ער מיר עפּעס ענט-פערן און כאַפּט זיך באַלד צוריק—טרינקט טיי. ס׳ווערט דאָך קאַלט.

—כ׳וועל טרינקען, כ׳וועל טרינקען... זאָגט מיר דעם אמת, זענט איר זיכער?..

דער טייוועל כאַפּט זיך פּלוצלונג ווידער אויף.

מיין שכן שפּרינגט-אויף:

—איך לויף אין מיין אָקאָפּ. מיינער איז מיט אַ שטיקעל צודעק.

די וואָס זענען אין דער הויך געשטאַנען, פליען אַיילענ-דיג צוריק—

צוריק, צוריק אין די קברים!

איך טראַכט: ווי גליקליך דאַרפען זיין די אמת׳ע גלויבי-גע. ווי גוט, ווי גוט עס איז ווען מ׳גלויבט, אַז טויט איז נישט אייביגע נאַכט, פוילעניש, ווערים!— — —

# XV

בייטאָג איז איבערגעגעבען געוואָרען מ'זאָל זיין אָנגעטאָן און גרייט—ערב אַן אַטאַקע...

שנעלער, האַסטיגער האָט דאָס האַרץ אָנגעהויבען צו קלאַפּען. די באַוועגונגען אומרוהיגע, נערוועזע. גיפטיג און פּיינליך האָט אַ פאָרגעפיל זיך געגראָבען אַלץ טיפער און טיפער...

ווידער אין גאַנצען וואוקס אַנטקעגען טויט.

איך בין דאָך געזונט. איך פיל ערגיץ קיין ווייטאָג נישט. איך בין אפשר באַשאַפען געוואָרען צו אַ לאַנג לעבען—

איך וויל נישט שטאַרבען!

איך קלער דאָך, איך פיל דאָך, איך בין דאָך יונג און פריש—אָ, ס'אַראַ שטאַרקע קראַפט איך פיל אין מיינע מוסקולען! ניין, איך וויל נישט, איך וויל נישט שטאַרבען!..

...פאַרשטיינערט איז דאָס האַרץ. כ'בין האַרט, דוכט זיך, ווי שטאָל.—מיינע אויגען וואָלטען, דוכט זיך, גלייכגילטיג געקוקט אויף אַלץ, אויף אַלץ, אפילו אויף די מעשים פון די פאַרבאָרגענע אינקוויזיציע-היילען... נאָר דאָך ווער איך גערירט און דאָס האַרץ שמעלצט זיך, שמעלצט זיך און צוגייט פון די געדאַנקען, וואָס קומען ווי פון זיך אַליין, פון אַ פאַרבאָרגענעם קוואַל...

עס זעען די הפקר-פאַרקלערטע בליקען:

...אַ טויטער פאַרגליווערטער קערפער אויפ'ן פעלד... נאַכט...

טאָג... ווינט... רעגען... באַמערקט עמיץ, קערט ער זיך אָפּ מיט עקעל... און דאָרטען, דאָרטען אַזויפיל נאָנטע... ביי זיי אין הארצען טליעט נאָך אַ האָפנונג: ער לעבט... מיר וועלען אים זען... כאָטש אַ שטיקעל בליי האָט שוין דאָ אויפ׳ן פעלד זייער האָפנונג צוריסען...

און ווען איטליכער, איטליכער, וואָס וואַלגערט זיך דאָ אונטער׳ן פרייען הימעל, וואָלט צווישען זיינע נאָנטע, אין אַ שטוב, אויף אַ ביסעל שטרוי געלעגען... ימים טרערען וואָלטען איבער אים פאַרגאָסען ווערען, קעפ וואָלטען טרויעריג צו דער ערד געזונקען, הענט וואָלטען זיך פון פאַרצווייפלונג און צער פאַרבראָכען און פרויען-האָר וואָלטען צושויבערט און ווילד איבער זיין שוואַרצען צודעק זיך געוויגט... ער וואָלט הייליג געווען... אַרום וואָלטען נשמה-ליכט געברענט און מענשען וואָלטען מיט ערפורכט אויף די שטומע רעטזעלהאַפטע באַלויכטענע פענסטער געקוקט און ערנסטער, פאַרטראַכטער, שווייגענדיגער געוואָרען... און אַ לויה... שוואַרץ וואָלט די גאַס פון מענשען געווען... אַלע וואָלטען זיך פאַרטראַכט נאָך דער מטה געצויגען און באַגלייט צו דער אייביגער רוה... אויפ׳ן בית-עלמין וואָלט אַ מצבה געווען—אַ זכר אויף דורות...

— — — — — — — — — — — —

אַ טויטער פאַרגליווערטער קערפּער אויפ׳ן וויסטען פעלד— —

...ווי אַ מחנה פינסטערע קראָען זענען זיי מיין מח באַפאַלען, די שוואַרצע געדאַנקען...

ווי אַייז אַנטקעגען זון שמעלצט זיך עס, דאָס האַרץ, נאָר דאָס אויג, דאָס אויג קאָן נישט פייכט ווערען. אָנגעשטריינגט און ווי פאַרגליווערט איז דער בליק...

גיי איך נישט פון זינען אַראָפּ?— —

וואָס שווייגסטו, קאַלטע, פייכטע ערד? פאַרוואָס איז אַזוי שטום, קאַלט און טויט דיין ברוסט? ענטפער, ענטפער וואָס ווערט שפּעטער זיין? שפּעטער, שפּעטער מיט שעה׳ן, מיט מינוטען?.. אָדער אפשר וועל איך נאָך פריער פון זינען אַראָפּ?— —

אָ קאַלטע, קאַלטע ערד! צי וועל איך מאָרגען שוין נישט

פילען דיין קאַלטקייט? אָ האַרטער שטאָלענער הימעל! צי וועל איך נאָך דער היינטיגער נאַכט שוין נישט זען דיין גלייכגילטי־גע, שטומע פּאַרב?— — —

...רוהיג און גלייכגילטיג, ווי אַ גזלן, האָט זיך דער טאָג אַלץ ווייטער גערוקט, און דאָס גרויזאַמע איז אַלץ נענטער, נענ־טער געוואָרען און ווי אַ געשפּענסט ביים צוקאָפּענס זיך גע־שטעלט...

אומבאַוואוסט נאָך וואָס נעם איך אַרויס אַ קליין שטיקעל שפּיגעל-גלאָז און קוק דערין אַריין.—איך דערשרעק מיך פאַר זיך אַליין: שמוציג, געל, פאַרוואַקסען! בין איך עס אָט דער־זעלבער, וואָס טראַכט, פילט, פייניגט זיך? אָט דער דאָזיגער מיט די איינגעשרומפּענע שרעקליכע אויגען—בין איך עס? אָט דערזעלבער—איך, איך!—וועט עס באַלד גיין מיט שאַרבען, ברוסט און אַלע גלידער אונטער'ן פייערדיגען מעטאַלענעם רעגען און מאָרגען... מאָרגען—אפשר ווי די אַלע פאַרגליווערטע, צוזייטע אויף די פעלדער?— —

— — — — — — — — — — — —

...ס'איז שוין פינסטערליך. די שיסעריי ווערט אָבער אַלץ שטאַרקער און פאַרביסענער. אַ מין פאָרצייכען... עס פאַלען גראַ־נאַטען גאָר נאָנט און הויבען אויף גאַנצע וואָלקענס ערד אין דער לופט. קוילען פליען זאַלפּענווייז און אונטען אין אָקאָפּ ווערט אַזוי פינסטער, אַזוי גרויזאַם... אָט שיט זיך אַרויף אויף מיר אַ היבש ביסעל ערד פונ'ם „נאַסיפּ"—דאָס האָט אַ שטיק מע־טאַל אַ שמיץ געטון. אָבער איך לעב! אַ נישט קיין פעסטער קלאַפּ נאָר פון דער ערד.

זאָל איך גלויבען, האָפען?..

XVI

...אָנגעהויבען האָט עס זיך ביינאַכט. שטיל און אָהן רעש איז מען פון די גריבער אַרויס און שטיל און אײנגעבויגענער-הייט האָט מען זיך צו „זיי״ געלאָזט... און מערקווירדיג! ס׳איז לחלוטין שטיל געווען. קיין איינציגער ביקסען-שאָס אפילו.

אַ האַרטע שטים:

—פאָרויס!

ווי קאַלטער שטאָל האָט עס געקלונגען און דאָס בלוס געגליווערט. ס׳איז, דוכט, די שטים פונ׳ם פאַטאַלען, פונ׳ם אומ-פאַרמיידליכען, וואָס מוז קומען...

אין איין האַנט, אין דער רעכטער, האַלט איך די ביקס, אין דער לינקער—דאָס רידעלע.

פאָרויס, פאָרויס...

די זייטיגע פון מיין „זוועגא״ זעה איך נישט. איך הער נאָר זייער אומרוהיג איבערלויפען.

שטיל. אַ פאַרדעכטיגע שטילקייט...

נענטער, נענטער...

ש—ש—ש...

און אין איין אויגענבליק האָט זיך אַנטקעגען ווי אַ גאַנ-צער ברייטער געדרייטער פאַס אין פייערדיגע בליצען אָנגעצונ-דען און די פאַלשע שטילקייט איז ווי צופלאַצט געוואָרען— —

—טאַ—טאַ—טאַ—טאַ—טאַ...

—טר—ר—ר—ר—ר—ר...

און פון אויבען אין דער טונקעלקייט—

—וו—וו—וו—וו—וו— —

די גאַנצע ערד, דער הימעל, די נאַכט, די מענשען—אַלץ, אַלץ איז פּלוצלונג פון זינען אַראָפּ, אַלץ איז אין ווילדען, טייוועלשען שפּיל אַריינגעצויגען געוואָרען...

—זשיק! זשיק! זשיק!

עס מישט אין קאָפּ. אונטער די פיס פּלאָנטערט זיך עפּעס. איך פאַל און שטיי-אויף און לויף ווייטער, פאַל און שטיי-אויף...

—זשיק! זשיק!

—זש—זש—זש—זשיק!!!

ס'האָט עפּעס מיין לייב אַ ברען-געטון, איך לויף משוגע-נערוויז און פאַל—

אָ, ווי עס ברענט מיין לייב!

עס גיסט זיך עפּעס אַ וואַרעמע, אַ רויטע פליסיגקייט...

בלוט! בלוט!..— — —

— — — — — — — — — — — —

XVII

...אַ הייסער, ווילדער קאָשמאַר פון ווילד־פרעמדע מאוימ׳ דיגע קולות, גרילצען, קרעכצען אין פינסטערניש... עס שטיקט און עס מאַטערט און עס פייניגט... עס באַוועגען זיך מענשען אַזעלכע משונה׳דיגע, אַזעלכע אומזיניגע, מיט אַזעלכע ווילדע פלאַמיגע אויגען! און אַלע פייניגען זיי איינע די אַנדערע, און אַלע קריכען זיי און טרעטען איינע אויף די צווייטע ווי די בלינדע ווערים... עס קראַמפען זיך ציין, עס פאַרדריקען זיך ליפען פון יסורים און פאַרביטערונג, און עס גיבען זיך אַרויס פאַרשטיקטע קלאַנגען פון פלוך און גאַל— — — —

סקעלעטען און צולעכערטע שאַרבענס...

אין דעם ווילדען מישמאַש, אין דער אומגעלומפערטער טייוועלשער כוואַליע פלאָנטערן זיך סקעלעטען מיט פאַרטריקנטע אויסגעדאַרטע שוואַרץ-געוואָרענע בייגער... עס חאַלגערן זיך אומעטום גאַנצע קופקעלעך צולעכערטע, פוסטע שאַרבענס, וייערע פינסטערע אויגען-לעכער ווייען מיט שוידערליכען קעלט... דאָס קנאַקען פון בייגער ווערט אויסגעמישט מיט גסיסה-זיפצען... אונטער די ווילדע צומישטע טריט פון די לעבעדיגע קייקלען זיך איינע נאָך די אַנדערע, די צולעכערטע שאַרבענס...

— — — — — — — — — — — —

...עס רוישען און עס קלאַפען אַייזערנע רעדער... עס טאַנצען און עס פליען אין אומענדליכען קרייז בוימער, פעלדער, הייזער, בערג, טייכען... פיינליך מישט זיך און עס ברענט דער מאָרך, און ווי אַ שווערע בלייערנע מאַסע דריקט עס דעם קאָפּ



אין פייער (צו די קאפּ. V. XII).

אויף עפּעס נידעריגעס, אומבּרחנות׳דיג-האַרטעס און אַלץ חיגט זיך אין הייסען בּרענענדיגען קאָשמאַר...

— — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — —

וואוהין פליען עס אַזוי משונה׳דיג די פעלדער, די בּער־נער?... וואוהין אַנטלויפען עס די ריזיגע וועלדער?...

ווי זי איילט, ווי זי יאָגט זיך, די משוגע-געוואָרענע ערד— — — —

אַך, איך ווייס שוין! כּאַ-כּאַ-כּאַ, איך ווייס שוין! אַהין, אַהין צו די הימעל-בּרעגעס פליט זי עס, די משוגענע ערד. דאָרט וועט, מסתמא, אַן אָרגיע זיין, אַ טייוועלשע אָרגיע צווי-שען ערד און הימעל...

— — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — —

* *
*

...איך עפען אויף די אויגען און קוק מיט איבּעררא̇שונג: איך ליג אין אַ בּעטעל—ווייס, זויבּער, ריין און ליכטיג. איבּער מיר שטייט עפּעס אַ ווייסער שאָטען פון אַ יונגפרוי. אינגאַנצען איך בלענדענדער ווייסקייט, ווי אַ מלאך. אויף איר בּרוסט אַ שאַרף-רויטער קרייץ. פון איר געזיכט קוקען אויף מיר גלייך אַראָפּ צוויי בּלויע, הימעל-בּלויע אויגען..

זי לייגט אַרויף איר קליין צאַרט הענטעל אויף מיין שטערן און רופט אויס ווי צו זיך אַליין.

—גאָט מיינער, ס׳אַראַ הייסער קאָפּ!

איך קוק אויף איר שטאַר און פאַרוואונדערט:

—ווער בּיסטו, זאַג, איך גלויב דיר נישט!— —

אמדור, 1916

I

— — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — —

—זש—זש—זשי—י—ק!—

ס׳האָט עפּעס האַסטיג אַ ברען-געטון. דאָס רידעלע איז פֿון מיין האַנט אַרויסגעשמיסען געוואָרען...

חי עס ברענט!

עס גיסט זיך עפּעס אַ וואַרעמע, אַ רויטע פליסיגקייט— —

אַ קיל— — —

איך פאַל אינסטינקטיוו אויף די קניה.

מיין האַנט! אַן עלעקטרישער שטראָם איז איבער איר פּלוצלונג דורכגעגאַנגען און זי האָט זיך ווי אין אַ הייסער פלאַם אנגעצונדען.

די גאַנצע האַנט איז שוואַרץ, פאַרגאָסען מיט אַ גלאַנציגער פליסיגקייט...

וואו האָט עס געטראָפען? איך ווייס נישט. די גאַנצע האַנט איז פאַרגאָסען, די גאַנצע האַנט איז עלעקטריזירט...

מיין שטים האָט אין דער פינסטערניש אריין געציטערט:

—סאַ-אַ-ני-טאַ-פּר!

אָבער אין גיהנום האָט קיינער נישט געהערט, און קיינער האָט זיך נישט געוויזען.

אַ געדאַנק האָט אין קאָפּ אַ בליץ-געטון:

—צוריק!

איך בין שרעקליך אויפגערעגט און צומישט. ווילדערהייט בין איך איבער די פינסטערע פעלדער געלאָפען. לכתחילה האָב

—ווער איז עס?
—ךָ, אַ שטים, אַ מענשליכע שטים!
—אַ פאַרוואונדעטער,—ענטפער איך און זוך מיט די אויגן אין דער פינסטערניש.
האַרט ביי דעם דיקען שטאַם פון אַ בוים האָב איך אין דער זייט קוים באַמערקט אַ שאָטען-פלעק פון אַ מענשען. כ׳גע-נען—אַ סאָלדאַט מיט אַ טעלעפאָן.
—בינד-אַרום, ברודער!—בעט איך זיך, מיט אַ געבראָכענער שטים און דערלאַנג אים מיין מאַרלע-בינט.
—איך וועל דיר שלעכט אַרומבינדען. גלייכער לויף-צו אָפּ דאָ נישט ווייט, לינקס, דאָרט ליגט אַ ראָטע אין רעזערוו. בעט דאָרט דעם סאַניטאַר.
—אַ דאַנק, ברודער!
און אַ ביסעל דערמונטערט, לאָז איך זיך אַהין אַוועק.
אַ ליכט-שיין, וואָס האָט אַרויסגעדרונגען פון דער ערד, האָט מיך אָפּגעשטעלט.
טראַנשייען! דאָ איז עס.
כ׳גיי-צו צום שיין. דורך דער עפענונג פון „אָקאָפּ" זעה איך, ווי עפעס אַן אָפיציר ליגט אויסגעבעט אויף שטרוי און לייענט פאַר אַ ליכט אַ צייטונג.
—סאַניטאַר!
פון אַן אַנדער „אָקאָפּ" האָט זיך אַרויסגערוקט אַ נידריג סאָלדאַטעל מיט אַ צלם אויפ׳ן אַרבעל.
—ווער איז עס?—פרעגט ער שטיל.
—אַ פאַרוואונדעטער.
—וואו איז דיין מאַרלע-בינט?
איך דערלאַנג אים.
ער נעמט זיך עס אויפרייסען און איך לאָז מיך דערוויל אַראָפּ אויף די קניה. דורך די ציטערנדיגע ציין רייסט זיך ביי מיר פון זיך אַליין, צוזאַמען מיט מיין אָטעם אַ שווער קרעכצען...
—וואו איז די וואונד?—פרעגט ער.
ער גיט אַ לייכט מיט אַן עלעקטרישען טאַשען-לאַמטערן.



אין פייער (צו די קאפ. V, XII).

מיין גאַנצער קערפּער האָט אַ ציטער-געטון: אַ רויטע האַנט! אין סאַמע מיטען האַנט-פלאַך—אַ שוואַרצער, אַ געדיכטער פלעק פון קאַלטען פאַרגליווערטען בלוט...

—שנעל, פאַרוויקעל, איך קאָן דערויף נישט קוקען...

דער סאַניטאַר האָט פּאַמעליך און פאָרזיכטיג גענומען די וואונד איבערבינדען.

—האָסט נאָך מזל!—טרייסט ער מיך דערביי,—די קויל האָט איך געקאָנט אַנדערש-וואו טרעפען...

—יאָ, אַ גליק,—זאָג איך: די האַנט דורכגעלעכערט...

דער סאַניטאַר האָט מיר ווי-עס-איז אין דער טונקעלקייט די דורכגעלעכערטע האַנט איבערגעבונדען און מיר אין דער ווייטענס אַ וויַיז־געטון:

—זעסט דאָרט פון דער ווייט אַ פייערל, און נאָך ווייטער אַ צווייטס—אין יענער ריכטונג זאָלסטו גיין.

פון דערווייטענס האָב איך טאַקע באַמערקט צוויי קליינינקע פייערלעך, אויף אַ היבשען שטח איינע פון די אַנדערע. דאָס זענען געווען נידעריגע פעלד-לאַמטערנעס, וואָס האָבען געוויזען דעם וועג צווישען דער „פּאָזיציע" און די הינטערשטע טיילען.

דער סאַניטאַר איז צוריק אַריין אין דער טראַנשייע און איך האָב אַ ביסעל אָפּגערוט און בין צו-זיך געקומען. דאָ איז שוין זיכערער. קיין ביקסען-קוילען דערגרייכען שוין כמעט נישט אַהער. בלויז אַנדערע, וואָס ווערען אַרויסגעשאָסען דורך אַ באַזונדערס שטאַרקען פולווער-אימפּעט, דערלויפען אַהער, אָבער דאַן זענען זיי שוין אָהנמעכטיג און פאַלען שוין אינגאַנצען אַראָפּ אויף דער ערד. פון דער ערשטער ליניע ביז דאַנען איז שוין ביז אַ דריי קילאָמעטער.

איך שטיי אויף די קניה, קוק אויף מיין אַרומגעבונדענער האַנט און טראַכט: וואָס איז דאָ אייגענטליך פאָרגעקומען? גאַנצע טעג און וואָכען זיך געפּייניגט מיט'ן געדאַנק: „וואָס וועט זיין? מיט וואָס וועט זיך עס ענדיגען?" אין חלום און אויף דער וואַך האָט עס מיר דעם מאַרך געלעכערט, נישט איינמאָל דעם אומרוהיגען שלאָף אין די פעלדער, צ' אין די שייערן אום'ברחמנות-

דיג צוריסען... תמיד האָט געפּייניגט דאָס אומבאַגרייפליכע, די קאָשמאַרפולע רעטעניש... און איצט... איצט האָט אַ קויל אין איין רגע, נאָך שנעלער פון יעדען געדאַנק, דעם פּתרון געגע־בען... און ווי לייכט האָט עס געקאָנט אַנדערש זיין, אַנדערש, טרויעריגער... דער סאָלדאַט אין הימעל־קאָלירטען שינעל אין שונא׳ס טראַנשייע האָט געקאָנט ביים שיסען די ביקס צופעליג אויף לינקס אַ דריי־טון און אַ ביסעלע העכער, אַקוראַט ווי ער האָט עס צופעליג רעכטס געווענדעט, און דאַן, דאַן וואָלט די קויל נישט אין האַנט געטראָפען, נאָר...

וואָס איז דאָ אייגענטליך פאָרגעקומען?..

— — — — — — — — — — — —

פון דער ריכטונג פון דער „פּאָזיציע" האָט זיך דערטראָ־גען אַ ווייטער ליאַרם פון קולות.

שאַ, מען שרייט „הוראַ"... עס האָט זיך דאָרט אָנגעהויבען די אמת׳ע שפּיל... מ׳איז שוין דאָרט נאָנט איינע פון די אַנדע־רע... די קנאַקעריי פון די ביקסען און פּולעמיאָטען איז געוואָ־רען אָפטער און ליידענשאַפטליכער, און אָט האָבען די באַטע־רייען פון ביידע צדדים גענומען שיקען איינע צו די אַנדערע אין די רעזערווען שווערע גראַנאַטען, מיט אַ מאָדנעם מאוים׳דיי־גען וואָיען שניידען זיי דורך די לופט און לויפען מיט אַזאַ געוואַלדיגען כח, ווי זיי וואָלטען ווערען די גאַנצע וועלט חרוב מאַכען—

פון די טראַנשייען זענען אַ פּאָר אָפיצירען אַרויסגעקראָ־בען, די „וווואָדנע" און אַנדערע נייגעריגע סאָלדאַטען.

—עס האָט זיך שוין אָנגעהויבען.

—איר הערט?.. „הוראַ", „הוראַ", שרייט מען.

—ווער שרייט עס: אונזערע, צי זייערע?..

און אַלע האָבען דאָס געהער אָנגעשטריינגט.

איך קוק אויף מיין האַנט און קלער: ווען נישט די קויל, וואָלט איך דאָרט אויך צווישען אַלעמען געווען און אויך איבער מיר וואָלט עס געהאָנגעלט, און אויך איך וואָלט געהערט די קאָ־מאַנדע: „מיט די באַגנעטען פאָרויס!"...

עס האָבען אָנגעהויבען פאַלען גראַנאַטען גאָר נאָנט.
—אין די אָקאָפּעס
אַלע זענען צוריק אין די טראַנשייען אַריין.
—און דו, פאַרוואונדעטער, לויף גלייך צוריק!—האָט מיך אַן אָפיציר געוואָרענט.
איך האָב מיך אויפגעהויבען און שנעל גענומען שפּרייזען.
אַהין, אַהין, צום פייערל.
גראַנאַטען, וואָיענדיגע אין דער לופט, האָבען ווי אונטער-געיאָגט: „שנעלער, שנעלער"...
איך גיי נאָך אַלץ נישט אויף קיין וועג. פעלדער און לאָנקעס. צוגראָבענע, צולעכערטע און צופליקטע.
איך בין שוין נעבען דעם ערשטען פעלד-לאַמטערן.
אַ ביסעל ווייטער דערהער איך אומגעהויער-שטאַרקע אַר-טילעריע-שאָסען, ווי מורא׳דיגע דונערן. נאָך יעדען שאָס ציטערט ממש די ערד אונטער מיר. איך ווער ווי צומישט. וואו בין איך דאָ אַריינגעפאַלען?
—ווער איז דאָ?—דערהער איך אַ שטים, אַ היימישע, אַ רוסישע שטים.
אַ באַטערייע איז דאָ אַיינגעגראָבען מיט אירע האַרמאַטען. יעדער האַרמאַט איז פון אַלע זייטען קינסטליך פאַרשטעלט מיט שטרויכען. יעדע פּאָר מינוט גיט עס אַכט דונערן איינע נאָך די אַנדערע, וואָס מאַכען פּשוט טויב.
דער סאָלדאַט ווייזט מיר, ווי אַזוי ווייטער צו גיין.
איך בין שוין נעבען צווייטען לאַמטערן.
שפּעטער אַ ווייגל—אַ טייך. דער סאַן. אַ דריי זיך אַהער, אַהין—ב׳געפין אַ פּאָנטאָן-בריק.
איך לאָז מיך צו איר.
ביים סאַמע ברעג אונטען—טראַנשייען. דאָ ליגען סאַפּיאָרען.
—וואו איז דער „פּערעוויאַזאָטשני"?—פרעג איך.
—נישט ווייט, אויף יענער זייט.
אויף דער בריק פּאָרען זיך צוויי סאַפּיאָרען. דאָס מאַכען זיי צורעכט אַן אָרט, וואו אַ גראַנאַט האָט געטראָפען און צופליקט.

ביז איבער דעם פּאַנטאָן און קוק אין וואַסער אַראָפּ.—
אַ שוואַרצער פאַנטאַסטישער שפּיגעל. כוואַליעס רוקען זיך אויף
כוואַליעס און עס טראָגט זיך פון טיף אַן אומפאַרשטענדליכע
ברומעריי, ס׳איז ענליך צו אַ שוידעריי פון אַ גרויסען מעכטיגען
ריז... וואָס פייניגט אים, דעם ריז? וואָס פייניגט זיין ברוסט?..
קאָן ער די טויטע קערפּערס נישט פאַרטראָגען אין זיין
טיף?.. פייניגען אים די פאַרבלוטיגטע ברעגעס פון זיין בעט? —
עס וויגט זיך כמעט דער פּאָנטאָן ווי פונ׳ם שוידערן פונ׳ם
טייך—
פונ׳ם שוידערן—איך פיל עס— — —
כ׳קריך אַרויף אין דער הויך אויף יענער זייט ברעג און
גיי שוין מיט אַ וועג.
כ׳דעריאָג צוויי סילועטען, וואָס האָבען זיך פּאָרויס באַ-
וועגט. פאַרוואונדעטע. איינער האַלט דעם צווייטען אונטער׳ן
אָרעם. איינער מיט אַן אַרומגעבונדענער האַנט, דער צווייטער
מיט אַן אַרומגעבאַנדאַזשירטען קאָפּ. דער לעצטער וואַקעלט זיך
און מען מוז אים פירען. דאָס מויל ביי אים איז האַלב-אָפען
און דורך די ציין רייסט זיך אַ קרעכצען...
—נעם אים, ברודער, אונטער דעם אַנדערן אָרעם,—בעט
מיך דער פאַרוואונדעטער.
איך טו עס.
און אַזוי, זאַלבעדריט, ווי צונויפגעגאָסענע שאָטענס, לאָזען
מיר זיך פאַמעליך קריכען אין דער טונקעלקייט. געגאַנגען זע-
נען מיר שווייגענדיג. קיינער האָט קיין וואָרט נישט אַרויסגע-
בראַכט פון די ליפּען. פון פרעמדע געגענדען זענען מיר געווען,
דאָך זענען מיר ווי אומגליקליכע לייבליכע ברידער צונויפגע-
גאָסען געוואָרען... פון איין גיהנום גייען מיר... איבער יעדען
פון אונז האָט דערזעלבער טויט געפּאָכט.. און דערזעלבער
האַרטער מעטאַל האָט יעדען פון אונז דאָס לייב געעפענט און
פיט׳ן אייגענעם וואַרימען בלוט פאַרגאָסען— — —
שטיל זענען מיר געגאַנגען פון פייגליך-ברענענדיגען ווייס-
טאָג פאַרשטומט...

דער פאַרוואונדעטער אין קאָפּ האָט אָנגעהויבען וואַקלען, און פלאָנטערן זיך אין גאַנג. דער איבערגעבונדענער קאָפּ האָט זיך גלייך נישט געקאָנט האַלטען. מיר האָבען אים פעסטער אָנגענומען אונטער די אָרעמס און נאָך לאַנגזאַמער זיך געשלעפּט.

אַ שיין פּין פענסטער.

מיר דערנענטערן זיך—אַ באַוועגונג פון מענשען.

דער „פּערעוויאַזאָטשני".

מיר גייען אַריין אינעווייניג—פול פאַרוואונדעטע. אַנדערע וואַלגערן זיך אויף דער פּאָדלאָגע. סאַניטאַרען טראָגען אַריין אויף טראָג-בעטלעך שווער-פאַרוואונדעטע. מ'בינדט-איבער די וואונדען. אין דער לופט טראָגט זיך אַ מורא'דיגע קרעכצעריי און זיפצעריי. פינסטערע אויסגעפּייניגטע פּנים'ער. אין די קנייטשען באַהאַלט זיך אַ פאַרגליווערטע גרויל פון טויט... ביי אַנדערע קראַמפּען זיך די ציין פון אומערטרעגליכען ווייטאָג... עס בלאַנקען ווייסע מאַרלע-בינטען... ביי אַנדערע זענען די מאַרלע-בינטען רויט פאַרפלעקט: דאָס בלוט האָט דורכגענעצט...

צו מיר גייט צו אַ סאַניטאַר, באַקוקט מיין האַנט און געפינט, אַז דער באַנדאַזש איז אַ גוטער. ער מאַכט מיר נאָר פון מאַרלע אַ היינגער, טוט עס מיר אָן אויפ'ן האַלז און איך היינג אָן דערויף די פאַרוואונדעטע האַנט.

מען פאַרשרייבט מיך און איך גיי אַרויס אין דרויסען מיך פּייניגט אַ שרעקליכער דורשט.

איך ווענד מיך צו אַ פאַרבייאייליענדיגער באַרמהאַרציגער שוועסטער:

—אַ ביסעל קיפּיאַטאָק!

זי רופט מיך מיט, פירט מיך אַריין אין עפּעס אַ שייער, וואו עס זיצען עטליכע סאַניטאַרען.

זי גיסט אָן פון אַ טשייניק אַ ביסעל לעבּלעך וואַסער:

—טרינקט:

איך באַקום אַרויס פון מיין אַמוניציע-זאַק צוקער—אַ שוואַרץ

קילעכדיג באַל...

—צוקער פון פּאָזיציע?... צוזאַמען מיט מיר זיין פּייַכטע גריבער געלעגען...

איך טו עס אַ שמיק אַוועק... אַלע צולאַכען זיך און די באַרמהאַרציגע שוועסטער דערלאַנגט מיר מיט אַ פריינדליך שמייכעלע אַן אַנדער שטיקעל צוקער.

—אַ דאַנק, אַ דאַנק, שוועסטער!

די סאַניטאַרען העלפען מיר דאַן אַראָפּנעמען פון זיך דעם פּאַטראָנטאַש, די ביידע רימענע קוילען-טאַשען מיט דער גאַנצער אַמוניציע.

עס ווערט מיר לייכטער און איך גיי אַרויס צוריק אין דרויסען.

עס רינגעלט מיך אַרום אַ גאַנץ רעדעל: אָפיצירען, אונטעראָפיצירען, דער מיליטערישער פּאָפּ מיט די גרויע לאָקען און צלם אויף דער ברוסט.

אַלע זענען נייגעריג. מ'פרעגט מיך אויס. מ'נעמט אַריין אין מיטען נאָך אַ פּאָר פאַרוואונדעטע.

—ווי גייט עס דאָרט צו?

יעדער פאַרוואונדעטער דערציילט, וואָס ער ווייס, וואָס ער האָט איבערגעלעבט און ווי אַזוי ער האָט באַקומען די קויל.

איין אונטעראָפיציר טרייסט מיך:

—ניש'קשה, אין אַ פּאָר וואָכען אַרום וועט די האַנט פאַרהיילט ווערען און וועסט ווידער קאָנען גיין אויף דער פּאָזיציע.

„ראָזע האָפנונגען”... טראַכט איך ביי זיך...

און די קנאַלעריי אויף יענער זייט טייך הערט נישט אויף. פון צייט צו צייט פלאַמט זי אויף מיט אַ פרישען אומגעהויערן אימפּעט.

עס הויבען אָן פּלאַצען אין דער נאָענט פעלד-גראַנאַטען און שיטען פון זיך שראַפּנעלען. איינס, אַ צווייטס, אַ דריטס. דער עולם איז געוואָרען אומרוהיג. אין איין זייט האָבען זיך פלאַמען אויפגעהויבען. אַ נאָענט דאָרף ברענט. אַן איטה'דיג-פאַנטאַסטישע ליכטיגקייט האָט זיך דאָרט צום הימעל געריסען.

מ׳גיט איבער, אַז דער „פּערעוויאַזאָטשני״ זאָל זיך איבער־כראָגען צוריק, אויף הינטער. דאָסזעלבע דער „אָבאָז״. ס׳איז געוואָרען אַ בהלה. מען האָט גענומען שפּאַנען. פערד האָבען גע־הירזשעט. איין קאָמאַנדע שרייט-איבער די אַנדערע. מענשען אײַלען און לויפען אין דער פינסטער פון איין אָרט אין אַנ־דערן. אַ מחנה רייטער טשערקעסען מיט גרויסע פּאַפּאַכעס, האָבען ווי אויסטערלישע גייסטער פון ערגעץ-וואו זיך באַוויזען און פאַרשוואונדען געוואָרען מיט אַ האַסטיגען גאַלאָפּ אין דער נאַכט צורייך.

—שנעלער! שנעלער!—יאָגט מען איינע די אַנדערע און נאָך עפּטער רייסען זיך שראַפּנעלען אין דער הויך.

צוזאַמען מיט אַ גאַנצער גרופּע פאַרוואונדעטע זענען מיר אויף עפּעס אַ וועג אַרויף און זיך אין דעם חושך געלאָזט. ער־גיץ מיט אַ פינף—זעקס קילאָמעטער ווייטער, אין אַ דאָרף, דאַרף זיין דער לאַזאַרעט פון אונזער דיוויזיע. אַהין מוזען מיר זיך דערשלאָגען.

אַ שטומע פינסטערניש איז אויף די וויסטע פעלדער און וועגען געלעגען. אונזער גאַנצע גרופּע פאַרוואונדעטע האָט לאַנג־זאַם געשפּרייזט און זיך צוזייט איבער׳ן וועג, שווייגענדיגע און אַייגנעהויקערטע האָט מען זיך געשלעפּט נאָכ׳ן וועג-ווייזער—אַ „צלמ׳ל*) מיט אַ בערדאַנקע**). יעדער פון אונז איז פון זיין אייגענעם פיינליכען ווייטאָג פאַרנומען געווען... פון צייט צו צייט פלעגען אַנדערע אַ קרעכץ אַרויסלאָזען; דער דאָזיגער קרעכץ פלעגט אַרויסרופען ווי אַן עכאָ ביי אַן אַנדערן אַ קרעכץ, און די נאַכט האָט אַלץ אין זיך איינגעשלונגען...

—נאָך וויט?—פאַלט אַ פראַגע צום וועג-ווייזער.

—נאָך אַ פּאָר קילאָמעטער.

*) אזוי האָט מען גערופען די לאַנד־שטורמיסטען.

**) ביקס פון אַן אַלטען סיסטעם.

—ס'האַקאָם...*)—גיט-צו אַ סילועט מיט איראָניע.

און ווי פריער—אַ שווייגעניש. צו-להכעיס'דיג ציט זיך דער שווערער בלאָטיגער וועג. ביי דער זייטענס פון וועג רוישען געהייבניסדיג די בוימער און שטרויכען און שיידען זיך מיט די טויטע געלע בלעטער פון שפעטען הערבסט... און אפשר? אפשר זענען עס זיפצען פון גוסס'ע, פון שטאַרבענדיגע, וואָס האָבען דאָ אין די פעלדער די נשמה אויסגעהויכט?.. און די דאָזיגע זיפצען בלאָנדזשען עס אום איבער די פעלדער און וועגען און אַ ווינטעל וועט זיי אַוועקטראָגען אויף זיינע גרינגע פליגעל אין אַ שטאָט צי אין אַ דאָרף, צו נאָנטע און ליבע, וואָס גייען אויס פון בייבקעניש און לעכצעניש און שיקען זייערע תפילות צום שטומען שווייגענדיגען הימעל?...

ווער ווייס!— — — —

פון דערווייטען בלאַנקען קליינינקע פייערלעך. די בליקען קוקען אַהין מיט בייבקשאַפט נאָך רוה,

—שוין באַלד,—זאָגט דער וועג-ווייזער.

מען גייט מיט דער לעצטער אָנשטריינגונג.

ענדליך—אַ ישוב, אַ דאָרף, הייזער אָהן פענסטער. איך גיי האַרט פאַרביי און פיל, ווי עס אָטעמט פון אינעווייניג אַ פינסטערער גרויל ווי פון אָפענע קברים...

אַ שוואַרצער דיקער פלעק סטאַרטשעט אין דער לופטען און טיילט זיך אויס אין דער טונקעלקייט: אַ קוימען פון אַן אָפגע-ברענט הויז. אַפנים, דער משהית איז שוין דאָ דורכגעגאַנגען...

מען פירט אונז אַרויס אויף אַ פעלד ביי דער זייט פון דאָרף.

*) מיט אַ שמייכעל.

## II

צווי גרויסע לייוענטענע סאַלאַשען—דער פעלד-לאַזאַרעט פון אונזער דיוויזיע.

מיר גייען אַריין.

אין דער הויך הייגגט אַ לאַמטערן און שליידערט גרויסע שוואַרצע שאָטענס. אויף דער ערד, אויסגעבעט אויף שטרוי, ליגען צולייגט שורות פאַרוואונדעטע. פון איטליכען בלאַנקט אַ מאַרלע-בינט. די לופט איז אָנגעפילט מיט אַ קרעכצעריי. אַנדערע שוידערן און וואַרפען זיך קאָנוואולסיוו...

איך געפין-אויס אַן אָרט צווישען אַ שורה און פאַל דאָרט אַנידער. איך לייג זיך אויפ'ן רוקען, די פאַרוואונדעטע האַנט אויף דער ברוסט און פרוב צומאַכען די אויגען. אָבער ווייס איז געווען די רוה, ווייט איז געווען דער שלאָף! ליגענדיג אויף אַן אָרט, האָב איך ערשט דערפילט דעם אמת'ן ווייטאָג פון דער וואונד. עס האָט אַזוי געשטאָכען און געברענט, גלייך ווי געפיללאָזע פייניגער, מיט קאַלטע, שטאָלענע הערצער וואָלטען עס מיר אין אַן אינקוויזיציע-הייל צוגעטראַכטע און ראַפינירטע יסורים אָנגעטון... די אויגען, האָב איך געפילט, זענען מיר אַזש אין שאַרבען געקראָכען, און פאַר פיין האָב איך די ליפען געביסען...

ניין, אומזיסט האַלט איך די אויגען פאַרמאַכט. כ'וועל דאָ בשום אופן נישט אַיינשלאָפען.

איך פרוב זיך אויפזעצען, ווידער לייגען, אויפ'ן רוקען, עטוואָס אָן אַ זייט,—עס האָט אָבער קיין זאַך נישט געהאָלפען.— גלייך ווי אַנדערע, ווי מיינע שכנים פון שורה, בין איך וואַך געווען; ווי זיי זיך געוואָרפען און דאָס האַלב-צומישטע באַ-

אאוסטזיין האָט יעדען צוג פון די פלאָגען געמוזט נאָכשפירען...
וואָלט שוין אַמאָל טאָג ווערען! וואָלט זיך שוין גענדיקט
די פיינליכע נאַכט!...
—סאַ-ני-טאַר!
עס שטעלט זיך איבער מיר אַ סאָלדאַט מיט אַ רויטען
קרייץ אויפ׳ן אַרבעל.
—אפשר קאָנסטו מיר מיט עפּעס פאַרלייכטערן?
עס ענטפערט מיר אַ גלייכגילטיגע שטים:
—זיי נישט אַזוי אומגעדולדיג!
—אָבער עס מאַכט מיך משוגע...
דיזעלבע קאַלטע שטים:
—אינדערפריה וועט מען דיר איבערבינדען.
אַך, ביז אינדערפריה! ווען וועט שוין זיין אינדערפריה?
איך פרעג אים:
—ווי שפּעט איז?
נאָך קעלטער האָט זיין שטים געענטפערט:
—איך האָב קיין זייגער נישט.
איך שליס ווידער צו די אויגען—אומזיסט!
כ׳ווער אויסער זיך. צוטראָגענערהייט הויב איך זיך אויף
און גיי אַרויס פון שאַלאַש.
אַ קילע, פינסטערע נאַכט. איך דריי זיך אום הין און צו-
ריק און שטעל זיך נאָכדעם אָפּ נעבען צווייטען שאַלאַש. דאָ
ליגען שווער-פאַרוואונדעטע.
עפּעס אַ שוואַרצער מאַנטעל זעט זיך דאָרט: אַ מיליטערי-
שער פּאַפּ.
אַך, איך שטויס מיך שוין אָן: נעבען אַ שטאַרבענדיגען
שטייט ער עס דאָ אויף די קניה. דער גוסס׳ער ליגט אויף אַ
טראָג-בעטעל און כאָרכעלט שווער... די אויגען פאַרמאַכט... דער
קאָפּ עטוואָס פאַרריסען... דער גייסטליכער לייגט-אַרויף זיין גלאַנ-
ציגען קרייץ ביים שטאַרבענדיגען אויף דער ברוסט, צלמ׳ט זיך
און זאָגט עפּעס אין דער שטיל... אָן דער זייט שטייען צוויי
סאַניטאַרען און קוקען זיך שווייגענדיג צו...

איך שוידער און פאַרלאָז דאָס טרויעריגע אָרט.

וואָס עס פאַרדעקען אַלץ דיינע פליגעל, נאַכט!— — — —

איך בין צוריק אַריין אין מיין שאַלאַש, נישט איינמאָל זיך געלייגט און אויפגעשטאַנען, געלייגט און אויפגעשטאַנען...

די פינסטערניש ווערט ביסלעכווייז צושוואומען.

גרויער און גרויער.

אַ הערבסטיגער קאַלטער באַגינען. אַ גלייכגילטיגע געלע זון, וואָס פאַרמאָגט בלויז עטליכע קורצע שווינדזיכטיגע שטראַלען.

און עטוואָס שוידערליכעס האָט די גרויע ליכטיגקייט מיר אַנטפּלעקט: מיין שינעלע! פאַררעגנט איז ער דורך און דורך רויט... ווי אַ פאָן אין בלוט איינגעטונקט... אַזויפיל בלוט האָט עס געכלעטען בייננאַכט פון האַנט געפלייצט, ביז איך בין לעבן גאַנצע דריי קילאָמעטער אָהן אַן איבערבונד איבער די פעלדער געלאָפען... קיין איין גרויער פלעק נישט אפילו. דורכויס רויט, פאַרפאַרבט... עס האָט מיך מאָדנע גערירט... כ'האָב דערפילט ווי עס בריט מיך אין די אויגען— 

אַ טרער— — — —

און אין קאָפּ בליצט-דורך:

ווען עמיץ פון די נאָענטע וואָלט מיך אַזוי בלוטצלונג דערזען!... דער צער וואָלט אים בלאַס ווי דער טויט געמאַכט!...

עס ווערט מאָדנע אומבאַקוועם דאָס דאָזיגע ווייך געפיל בעת דו ווילסט פעלזען-שטאַרק זיין און צלך, צלך, אפילו דאָס ערגסטע און גרויזאַמסטע, גובר-זיין...

איך דריי מיך אום איבער'ן חרוב'ן דאָרף. פוסטע, צושטערטע הייזער. קיין איין ציוויליסט ווייזט זיך ערגעץ נישט— צוזייט און צויאָגט. בלויז מענשען אין גרויע שינעלען, ווער מיט, ווער אָהן מאַרלע-בינטען.

עפּעס איין געבוידע ציט-צו באַזונדערס מיין אויפמערקזאַמקייט. אַ הילצערנע אידילישע הויז מיט אַ שיין גערטעל אַרום.

איך גיי אַהין אַריין—קיין נפש. אויף דער ערד אָנגעוואָרפענע שטיקער פון מעבעל, פּאַפּירען און ביכער. איך קוק נאָך— אותיות מרובעות. יודישע ספרים. אַ דיקער סידור. אַן אַלטער

משניות. אַ הגדה של פסח מיט בילדער פון יציאת-מצרים, קריעת-ים-סוף און אַנדערע... פון צווישען די פּאַפּירען האָב איך עפּעס אַ צוריסענעם בריף גענומען אין האַנט. דייטשע שריפט. איך הויב אָן צו לייענען: „מיינע טרויע!". עס רעדט זיך וועגען „זעהנזוכט" און „ריקזיכטסלאָזען שיקזאַל". ווייטער דערקען איך, אַז דאָס איז פון דער „קעמפּפענדער אַרמיי"... כּסתּמא פון אַ חתן, צי געליבטען.

אין דעם דאָזיגען הויז האָט אודאי געוואוינט עפּעס אַ יידישער אַרענדאַר, צי אַ תבואה-סוחר. וואו זענען זיי איצט?...

אין איין ווינקעל וואַלגערט זיך אַ צובראָכענער שפּיגעל. איך הויב אויף און קוק אַריין אַהין:

אַ פינסטערער ליידענדער פּנים מיט אַן אמת'ן איוב־אויס־דרוק אין די פון יסורים עטוואָס אייגעזונקענע אויגען...

איך וואַרף צוריק אַראָפּ דאָס שטיקעל שפּיגעל אויף דער פּאָדלאָגע.

איך לאָז זיך ווייטער איבער'ן ווייסטען דאָרף.

הינטער אַ שטוב, אויף אַ גאָרטען מיט אַ צוריסענעם צאַם, פּאָרען זיך סאָלדאַטען. דאָס גראָבט מען קברים...

איך גיי צו און פּאַרקוק אין די אָפענע, אַרויסגעשלאָגענע פענסטער. אויף דער פּאָדלאָגע ליגט אויסגעלייגט אַ שורה סאָלדאַטען איבערגעדעקט מיט פּאַלאַטקעס: טויטע, וואָס מען ברייגנט אַריין פון די שאַלאַשען. די נעזער פון די פיס, נאָך אין די שטיוועל, וואָס שטעקען אַרויס פון אונטער דער פּאַלאַטקע, זענען הפקר'דיג אָנגעבויגען אויף ביידע זייטען און דערציילען פון גלייכגילטיגקייט— — — —

עס טראָגט מיך פון דאָרט אַוועק.

צו, ווען וועלען שוין די אויגען נישט זען די דאָזיגע בילדער?— — —

## III

צוריק! צוריק פון „פאָזיציע".

פּאַרטיעסווייז האָבען מיר זיך געשלעפּט פון דאָרף צו דאָרף, פון שטאָט צו שטאָט. מערסטענטיילס פאַרוואונדעטע אין די הענט, אין די פינגער. אין אָוועגט פלעגען מיר אָנקומען אין אַ וואַנדער-שפּיטאָל, איבערנעכטיגען, די וואונדען איבערבינדען, און אַ וועג-ווייזער פלעגט אונז אַוועקפירען ווייטער אין וועג אַריין, ביז אַ דאָרף אָדער שטעטעל, וואו ס'האָט זיך אַן אַנדער שפּיטאָל געפונען.

דער עולם האָט זיך צוגעכאַפּט צו דער אכילה.

איצט פעלט שוין קיין עסען נישט. אין יעדען שפּיטאָל, וואָס מיר פלעגען דורכגיין, פלעגט ווערען צוגעגרייט מיטאָגען, טיי, און ברויט פלעגט מען אויך געבען איבערגענוג. און נאָר מחמת דעם פריערדיגען הונגערן איז ביי אַ סך דער אַפּעטיט געוועזן אַ קריינקליכער און מ'פלעגט אויף אַלערליי אופנים אַריינבאַקומען אין אַמוניציע-זאַק וואָס מער פּאָרציעס ברויט...

אַ חוץ דעם, וואָס מ'פלעגט באַקומען אין די שפּיטאָלען, פלעגען נאָך די איינוואוינער פון די דערפער מכבד-זיין. פויערטעס פלעגען אויף אונז קוקען מיט פייכטע אויגען, האָבען זיך געצלמ'ט און מיט אַ געפיל פון מיטלייד און רחמנות דער אַנגט אונז נאָך אַ שטיקעל ברויט, אָנגעגאָסען נאָך אַ גלעזעל מילך:

—טרינקט, טרינקט, אומגליקליכע...

וואָס ווייטער פון פּאָזיציע, האָט מען זיך געפילט אַלץ בעסער. דער ווייטאָג איז אויך געוואָרען אַ ביסעל שוואַכער און זאפשר איז מען צו אים סתם צוגעוויינט געוואָרען; און ביינאַכט

פלעגט מען אין די פוסטע הייזער אָדער שייערן שוין קאָנען כאַפּען אַ דרימעל און זיך אויסרוען אַ ביסעל. „סצענעס" פלעגען זיך אָפּשפּילען אין שפּיטאָל ביים באַנדאַזשירען.

אויך דאָ פלעגט מען מוזען שטיין „וו'זאַטילאַק". אַקוראַט ווי מיט די קעסעלעך ביי דער פעלד-קיך ביים באַקומען דעם „אָביעד", אַזוי האָט מען דאָ געוואַרט מיט די וואונדען. דער הילוק איז נאָר געווען, וואָס ביים אָפּנעמען דעם מיטאָג פלעגט זיך ביים עולם דער הונגער צושפּילען און מיט דער גרעסטער אומגעדולד פלעגט יעדער וואַרטען ביז עס וועט שוין סוף-כל-סוף דערגיין צו אים און דער קאַשעוואַר וועט אָנשעפּען פון גרויסען קעסעל אַ פולען שעפּ-לעפעל, אים אין קעסעלע אַריינגיסען און אַ ליבער וואַרימער דאַמף וועט אין פּנים אַ הויך-טון... און דאָ ביים איבערבאַנדאַזשירען איז געווען פונקט פאַרקערט: וואָס ווייטער, פלעגט זיך וועלען, אַז די רייה זאָל גאָר קיינמאָל נישט דערגיין, און בעת מען פלעגט זיך אָפּפאַרטיגען מיט איינעם, פלעגט אין האַרץ זיך עפּעס אָפּרייסען...

דאָס איבערבינדען איז געווען דאָס ערגסטע. די מאַרלעבינטען פלעגען זיך צוקלעבען צו דער וואונד און די סאַניטאַרען פלעגען עס דאַרפען אַראָפּרייסען. יעדער איינער פלעגט זיך דרייען קאָנוואולסיוו ווי אַ שלאַנג אין אַלע זייטען, אַרױף און אַרויף און מאַכען משונה'דיג-ווילדע העוויות.

מיר גייען דורך ליובאַטשאָוו, אָלעסיצע, צובראָכענע, חרוב'ע הייזער. די שטעטלעך זענען פול מיט מיליטער. אין יעדער שטוב — אַן אַנדער קאָמאַנדע, אַן אַנדער אָפּטיילונג. וואו-נישט-וואו לויפט דורך אין דער זייט גאַס אַ דערשלאָגענער יוד, מיט אַ פינסטערן דערשראָקענעם פּנים. איך גיי אַריין אין אַנדערע הייזער, פּרוב פאַרפירען עפּעס אַ געשפּרעך, אָבער איך זעה, אַז זיי האָבען מורא פאַר מיינע מיליטערישע קליידער, כאָטש כ'האָב צו זיי גערעדט פשוט מאַמע-לשון. ביי אַנדערע געלינגט מיר פאָרט צו געווינען זייער צוטרוי, און זיי דערציילען מיר מיט טרערען אין די איגען, וואָס זיי האָבען איבערגעלעבט אין דער צייט פון דער שלאַכט אַרום זייער שטעטעל.

—זאָגט מיר דעם אמת,—פרעגט מיך אַ יודישע פרוי,—איך איז אויסגעקומען אין פעלד צו הרג׳ענען מענשען?...

איך האָב זי פאַרשטאַנען.

—דאָס פרעגט איר קוקענדיג אויף מיין רויטען שינעל?—האָב איך אַ ווייז-געטון אויף די רויטע פלעקען.

—איך פרעג...—האָט זי גענומען שטאַמלען,—איך זעה, איר קומט פון דער אמת׳ער שהיטה...

—גלויבט מיר, פרוי, דאָ איז קיין איין איינציג טראָפען פרעמד בלוט נישטאָ—אַלץ אייגענס...

זי האָט טרויעריג אַ שמייכעל-געטון און אויפגעשוידערט.

—מסתמא איז אייערער אַ זון אין דער עסטרייכישער אַרמיי?—פרעג איך.

—יאָ,—ענטפערט זי.

—קאָן זיין,—זאָג איך אין שפאַס,—אַז דאָס איז פון אייער זון׳ס אַ קויל...

—מיין זון—פאַרענטפערט זיך די פרוי,—האָט קיין פליג אויף דער וואַנט קיינמאָל נישט אָנגערירט...

—פאַרענטפערט זיך נישט, פרוי. אייער זון איז אַזוי פיל שולדיג, וויפיל—איך...

איין טאָג האָבען מיר זיך געלאָזט צו ראַווא-רוסקאַ. ס׳איז געווען אַ קאַלטער טריבער טאָג. אַ שטאַרקער ווינט האָט געבלאָזען און געשליידערט די פאָלעס פון שינעל. די וואונד איז פון ווינט געוואָרען שטאַרק אָנגעגריפען און האָט טיף גענאָגט.

אין ראַווא-רוסקאַ דאַרפען מיר שוין איינשטייגען אין אַ צוג, וואָס גייט קיין רוסלאַנד. אַ סוף צו דער בלאָנקעניש!

אין אַ דאָרף, עטליכע קילאָמעטער פון שטאָט, גיי איך אַריין אין אַ יודיש הויז, זיך אָנוואַרימען. כ׳וועל געוואָר, אַז היינט איז שבת. אַ פאַמיליע זיצט ביי אַ געדעקטען טיש און עס טראָגט זיך אַ ריח פון טשאָלענט...

—גוט־שבת!—זאָג איך מיט אַ געמאַכטען בנעימות׳דיגען טאָן.

אַלע ענטפערן מיר און איינער אַ יונגערמאַן צושמייכעלט זיך.

דער בעל-הבית, אַ יוד מיט פאות, אין אַ יאַרמולקע, שטרעקט מיר אויס די האַנט:

—שלום-עליכם!

—עליכם-שלום!—ענטפער איך—די קויל האָט געטראָפען, ווי איר זעט, אין דער לינקער האַנט, אפנים, כדי איך זאָל קאָנען ענטפערן אַ יודען „עליכם-שלום"...

—אויב אייך ליגט נאָך אין זינען צו זאָגען אַ ווערטעל, איז אַ סימן, אַז ס'איז מיט אייער האַנט נישט אַזוי שרעקליך.

—נו יאָ,—ענטפער איך,—ס'האָט געקאָנט זיין ערגער...

—השגחת הבורא!—רופט-אויס דער בעל-הבית.

די בעל-הבית'טע קוקט מיך באַזונדערס אָן און פלוצלונג באַהאַלט זי די אויגען אין פאַרטוך—זיך צוכליפּעט.

—וויינט נישט,—זאָג איך,—איר זעט דאָך, אַז איך אַליין וויין אויך נישט...

דער יונגערמאַן דערציילט מיר, אַז דער ברודער איז אויפ'ן סערבישען פראָנט, און דעריבער איז די מוטער זעהר לייכט אויף טרערען. „נאָר אייער שינעל—גיט ער צו,—קאָן רירען די שטאַרקסטע נערוועז... ווען איר וואָלט נישט געשפּאַסט אַ ביסעל, וואָלט איר אויסגעוויזען זעהר טראַגיש..."

דער יונגערמאַן, וויזט זיך אַרויס אין אונזער שמועס, איז אַ יוריסט, האָט שטענדיג געוואוינט אין ווין, און פאַר'ן אָנהויב פון מלחמה איז ער געקומען אַהער פאַרברייגגען אַ קורצע צייט „ביים טאַטען אין ווייגגאָרטען", און אַזוי איז ער דאָ געבליבען שטעקען.

מען שטייט צו מיר צו, איך זאָל זיך דוקא זעצען צום טיש מיט זיי מיט-עסען.

—איך האָב גאָרנישט בדעה אייך אָפּצוזאָגען,—ענטפער איך אויף זייער איינלאַדונג.

און זיצענדיג ביים טיש, ביי אַ יודישער געמיטליכער פאַמיליע, נאָך אַזויפיל נע-ונד-זיין און ענוים, גייסטיגע און פיזישע, איז די בעסטע שטימונג געבוירען געוואָרען.

—איר ווייסט,—האָב איך זיך געווענדעט צו דער בעל-הבית'-

טע—אייער קוגעל האַלט-אויס יעדע קריטיק... איך מוז אומבאַ-דינגט שרייבען אַהיים, אַז שבת, פרשת... (דאָ האָט מיר דער בעל-הבית געמוזט אונטערזאָגען) האָב איך, צוריקגייענדיג מיט דער וואוגד פון דער פּאָזיציע, אין אַ דאָרף נעבען ראַוואַ-רוסקאַ, בעגעסען אין אַ יודישען גייסטפריינדליכען הויז קוגעל—און דוקא אַ פעטען... כדת וכדין...

אָנגעוואַרימט זיך, דאָס האַרץ אונטערגעלענט, האָב איך געדאַנקט, זיך פריינטליך געזעגענט מיט דער פאַמיליע און—צו דער שטאָט.

די פעלדער זענען דאָ און דאָרט צוגראָבען פון אָקאָפּעס. אומעטום וואַלגערן זיך שפּורען פון דער שלאַכט. ערטערווייז ביים וועג פריש אָנגעשאָטענע בערגלעך מיט אַריינגעשטעקטע בעריאָזע-נע קרייצען: ברידער-קברים.

די שטאָט אַליין איז נאָך האַלב־וויסט. אַ סך הייזער שטיי-ען נאָך גאָר פּוסט.

ביים וואָקזאַל שטייגען מיר איין אין פראַכט-וואַגאָנעס, צולייגען זיך ווי שאָף און פאַרנאַכטליך הויבט-אָן דער צוג פּאַ-מעליך, פּאַמעליך צו קריכען, ווי נישט זיכער. איבער די רעל-סען.—דער ווינט האָט זיך נאָך פאַרשטאַרקט און מסוכנ׳דיג גע-וואָיעט איבער די וויסטע הערבסטיגע פעלדער, און אין די אוי-ערן .האָט געקלונגען:

„צוריק! צוריק צו דער „מאַמע-רוסלאַנד !...

פאַרשלאָפענערהייט האָט דער קורצער פראַכט-עשאַלאָן גע-מיטען אין דער טונקעלקייט סטאַציע נאָך סטאַציע. אויפ׳ן באַגי-נען האָט ער זיך דורכגערוקט דורכ׳ן דעבאַרקאַדער פון לעמ-בערגער „דוואָזשעץ".

עס דערמאָנט זיך מיר מיין אומוואָגלען דאָ מיט וואָכען צוריק צווישען די שינעס און עשאַלאָנען; די נעכט אויפ׳ן פּאָ-סטען ביים טונעל... די רעדלעך הונגעריגע אַרום באַנהאָף... די איסגעבלייכטע פראַנטען... זייער שטענדיגען פרעגען: „ברויט"...

זיי געגריסט, לעמבערג! דו געוועזענער אָאַזיס!...

בייטאָג שטעלט זיך דער צוג אָפּ ביי בראָדי. דאָ דערמען

מיר זיך איבערזעצען. כ'באַקוק די גאַסען און הייזער פון דער אַלט־פּרענקישער יודישער שטאָט.

ביינאַכט זיצען מיר שוין אין אַ רוסישען צוג • פּערטער קלאַס און מיר פאָרען באַלד אַרויף אויף דער היימישע ערד. באַקאַנטע רוסישע סטאַציעס. גרויסע רוסישע בוכשטאַבען אויף פאַרשלאָפענע וואָקזאַל-געביידעס.

צומאָרגענס רוקט זיך צו דער צוג צו דעם אַלטערטימלי־כען קיעוו. פון דערווייטענס בלאַנקט אַ נעץ פון הויכע טורעמס מיט קובאָלען, ווייסע קירכען-ווענט מיט אומציילינע פענסטער אין ביזאַנטישען סטיל.

IV

אין קיעוו שטייגען מיר איין אין אַ סאַניטאַר-צוג.

איך גיי אַריין אין וואַגאָן—אַן אנגענעמע וואַרימקייט, און פּאַר די אויגען בלענדט אַ ווייסקייט:

ווייסע אויסגעבעטע געלעגערס, זויבער און ריין. דער גאַנצער וואַגאָן באַשטייט פון געלעגערס.

—פּאַר וועמען איז עס צוגעגרייט דאָס רחבות?...—פרעגט ווער, נישט גלויבענדיג זיינע אויגען.

—זענען מיר נישט על פּי טעות אַריין אין אַ פרעמדען וואַגאָן?—באַמערקט אַ צווייטער.

עס האָט זיך קיינעם נישט געגלויבט.

באַלד אָבער קומען אַריין סאַניטאַרען מיט זעק אין די הענט און הייסען זיך אַלעמען אויסטון מוטער־נאַקעט.

אַלעמענס פּנים׳ער האָבען גענומען שיינען פאַר שמחה. ווי שטאַרק ס׳האָט זיך שוין געוואָלט פריי ווערען פון די זאַכען און וועש, וואָס ליגען שוין אויפ׳ן קערפּער וואָכען-לאַנג!...

דער עולם איז אַריין אין בעסטען הומאָר.

—נידער מיט די פּאַראַזיטען!...—רופט־אויס אַ יודישער סאָלדאַט, שנעל זיך אויסטועדיג.

—ווי „רעוואָלוציאָנעריש געזאָגען״ איר זייט!—האַלט איך אונטער זיין הומאָר.

—נידער מיט די וואַמפּירען און בלוט־זויגער!—פאַרשטאַרקט ער זיינע „רעוואָלוציאָנערע״ לאָזונגען...

און איינער אַ גרוזין ווענדט זיך צום סאַניטאַר:

—הײ, ברודער, נעם אַ גאַנצע פײנטלימע דיװיזיע אין גע-פאַנגענשאַפט...

יעדער אײנער שמײסט אַרײַן זײַנע שמוציגע זאַכן אין אַ באַזונדער זאַק אַרײַן.

—ברוך שפטרני!—מאַכט דער „רעװאָלוציאָנער״ אַ ברכה בקול רם, אָנטועענדיג די רײנע, פרישע שפיטאָל-װעש.

יעדער ציט זיך אױס מיט אַ באַזונדער ברײטקײט אױפ׳ן געלעגער.

איך פאַרלײג די הענט אונטער׳ן קאָפּ און טראַכט װעגען דער פאַרװאַנדלונג: פון הײמלאָזע, פאַרװאָגעלטע הינט אין מענ-שען... עס האָט זיך שױן געגלױבט, אַז מענשען קאָנען נאָר שלעכטס טון, קאָנען נאָר פּײניגען אײנע די אַנדערע; אָבער-נײן, זײ קאָנען אױך גוטס טון; זײ קאָנען דערשלאָגענע, פאַר-מרה-שחורה׳טע אױפמונטערן און אַ פרײד אין זײ אױפװעקען... בעזיכטער, אױף װעלכע דער פּחד פון טױט האָט זיך אײנגעגע-סען, קאָנען זײ צו אַ פרײדיגען שמײכעל ברײנגען— — —

עס פײפט אונזער לאָקאָמאָטיװ און דער צוג הױבט זיך אָן רירען. ביסלעכװײז דערװײטערט זיך די קירכען-פולע שטאָט. האַסטיגער רױשען די רעדער פון אונזער צוג, און געשװינד דרײען זיך די פעלדער בײ דער זײט אין אַ מין קאַראַהאָד. עס פליען טעלעגראַפען-סלופּעס און געדיכטע דראָטען הױבען זיך צרויף און אַראָפּ, אַרויף און אַראָפּ.

—אוקראַאינאַ!

רוהיג ליגען זיך אויסגעשפרײט די דערפער דאָ און דאָרט, די טונקעלע װעלדער אונטער׳ן פאַרכמאַרעטען הערבסטיגען הי-מעל און װעבען זיך זײער אַלטע, אוראַלטע, אײביגע מחשבה...

אַ זקן מיט אַ ברײטען קאַפעליוש, אין אַ לאַנגען אוקראַ-אינישען כאַלאַט, אױבען אױפגעצױיגען, אונטען ברײט, אין פאַל-דען,—טוט אַ שװינדעל-פאַרבײ און פאַרשװינדט פון אױג. ער האָט זיך עס, אפנים, אָפּגעשטעלט באַקוקען אונזער סאַניטאַר-צוג, און געװיס האָט ער אים מיט אַ זיפץ באַגלײט.

אַנטקעגען מיר ליגט גראָד אַ יוד,

—האָט איר געגלויבט,—פֿרעג איך אים—אַז איך וועט נאָך אויסקומען צו ליגען ערגיץ אַזוי רוהיג, ווי איצט?

יענער האָט טריב אַ שמייכעל-געטון:

—גלויבט מיר, אַז איך ווייס נאָך נישט, וואָס מיט מיר איז. צי ליג איך נישט אין אָקאָפּ און דאָס אַלץ דולט זיך מיר נאָר?...

—מסתמא האַלט איר פאַרמאַכט די אויגען.

—אמת, אמת, ווי נאָר איך פאַרמאַך די אויגען, איז—טאַ-טאַ-טאַ, ב-ב-ב-בוך... ב-ב-ב-בוך!...

זיין געזיכט האָט זיך שרעקליך אויסגעקרימט און זיינע גרויס-געוואָרענע אויגען האָבען באַקומען אַ קריינקליך-פיבערדיג פלעמעל...

„עס געוועלטיגט נאָך שטאַרק איבער אים דער קאָשמאַר"—טראַכט איך און זאָג אים:

—מיין עצה: האַלט אָפען די אויגען און קוקט זיך צו נאָר צו דער ווירקליכקייט...

—איך הער זיך איין,—זאָגט ער אין אַ ווײַלע אַרום,—ווי דער צוג קלאַפּט: „טאַ-טאַ-טאַ-טאַ", מיין איך, אַז עס זענען קוילען, און עס גלוסט זיך מיר אַראָפּצובויגען... נו, וואָס פאַר אַן עצה וועט איר מיר איצט געבען—איך זאָל פאַרשטאָפּען די אויערן?...

—אַז מען מוז—טוט מען...

—נו,—פרעגט ער ווייטער מיט אַ נערוועזען קול—און אַז עס רוישט מיר אין קאָפּ און דער ווייטאָג מאַכט מיך משוגע—זאָל איך דעם קאָפּ אונטער די צוג-רעדער אונטערלייגען?...

—דאָס טוט מען אויך אַמאָל,—ענטפער איך, אַריינקומענדיג פון זיינע רייד אין אַ דעמאָנישע שטימונג...

איך פאַרקוק זיך אין פענסטער אויף די זיך-שליינגלענדיגע פעלדער און פאַרטראַכט זיך. עס רייסט מיר אָבער באַלד איבער די אומגעלומפּערטע שטים פון מיין ווי-זאַ-ווי.

—טראַ-טאַ-טאַ, וו-וו-וו-ב-ב-בוך-בוך!...—האָט ער זיך אויסגעזעצט און נאָכגעמאַכט די קוילען און שראַפּנעלען... זיין

פּנים האָט זיך אין אַ ווילדער גרימאַסע אויסגעקרימט, זיין אויס־געפּלאַמטער בליק האָט מיך געשראָקען—אַזויפיל אומזין, אַזויפיל שגעון איז אין אים געווען. עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז אָט באַלד טאַנצט ער אַראָפּ פון זיין געלעגער און שפּרינגט אַרויס דורכ'ן פענסטער...

דער צוג שטעלט זיך אָפּ ביי אַ סטאַנציע און דאָס צו־שטרייט אַלעמען. אויף דער פּלאַטפאָרם זענען פאַראַן פיל ניי־געריגע. די פאַרוואונדעטע עפענען די וואַגאָן־פענסטער און ריי־דען אַרויס. עס גייען אום מיידלעך מיט פולע קוישען און מען טיילט פון זיי די פאַרוואונדעטע געבעקס, פּאַפּיראָסען, צייטונגען. איינע גייט אַרום מיט אַ קאַן מילך און גיסט פון דעם כּסדר גלאָז נאָך גלאָז פאַר אונז, „טאַפּפערע העלדען"...

—ליטעראַטור!—ווענד איך זיך דורכ'ן פענסטער צום מיי־דעל און שטרעק־אויס די האַנט.

זי דערלאַנגט מיר אַ צייטונג און אַ פּאָר ביכלעך: היינע'ס „פלאָרענטישע נעכט" און—אַ סמיכות הפּרשה!—נאַט פּינקערטאָנ'ס עפּעס אַ „בלאָף"...

אַזעלכע ענליכע קבלת־פּנימ'ס זענען געווען כּמעט אויף יעדער גרעסערער סטאַנציע. דער עולם האָט זיך גענומען צום רויכערן. אויך צו דעם איז דער הונגער געוואָרען אויף דער פּאָזיציע אַ ליידענשאַפטליכער. די לופט אין וואַגאָן איז פול גע־וואָרען מיט וואָלקענס רויך.

פאַרנאַכט. דרויסען ווערט טונקעלער. די וואַגאָן־שויבען באַקומען אַן אומעטיגען שיין.

ס'איז נאַכט געוואָרען.

אַ סאַניטאַר האָט דעם אויבערשטען לאַמטערן אָנגעצונדען און די פענסטער זענען שוואַרץ געוואָרען.

דער עולם האָט זיך צוליגט אויף די געלעגערס.

נישט אַלע האָבען אָבער געשלאָפען. אַ סך זענען אין שפּאַקעס געגאַנגען, געשריען פון שלאָף „הוראַ" און צומישטער־

מ'איז זיך אויפגעכאַפּט...

באַגינען זענען אַלע איבערראַשט געוואָרן: אַ שניי, ווייסע פעלדער, אַ ווייסע וועלט!

אַ פריהיגער, אַ סוף אָקטאָבער-שניי.

אינדערפריה שטעלט זיך דער צוג אָפּ ביי קורסק.

סאַניטאַרן טראָגן אַריין די זעק מיט די זאַכן און היי-סען צוריק אַראָפּוואַרפן די שפיטאָל-וועש...

יעדער פון אונז האָט אַ מאָדנע זויערע מינע געמאַכט.

—מיר וועלען בעסער אַרויסגיין נאַקעטע,—באַמערקט איינער. איינער פּרובט מאַכן אַ „קאָמבינאַציע":

—מיין אייגען העמד האָב איך דורכ'ן פענסטער אַרויס-געשליידערט...

און דער גרוזין מישט זיך אַריין:

—און מיינע איז אַליין אַוועק אין געפאַנגענשאַפט...

עס האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן.

—ניע פּאַלאַהאַעטסיאַ—ענטפערט דער סאַניטאַר.

מ'האָט נעביך געמוזט אָנטון די אַלטע, די צופליקטע און שמוציגע.—בר-ר-ר-ר!...

—דיוויזיאַ, סמירנאַ! ניע שעוועליס!—האָט געקאָמאַנדעוועט דער גרוזין, אָנטוענדיג זיינע וועש מיט'ן ערד-קאָליר...

ס'האָט זיך מיט יאַשטשערקעס געלאַכט...

אַרויס פון די וואַגאָנעס אין דערבייאיגען באַראַק און דאַן איבער דער שטאָט צו אַ שפיטאָל.

מיר צושפרייטען זיך איבער דער גאַס. איטליכער ווערט אַרומגערינגעלט פון ביי'געריגע. יעדער פאַרבייגייער שטעלט זיך אָפּ קוקען, אַנדערע קערען זיך אום און גייען מיט, פאַרשיטענ-דיג מיט פראַגען.

צו מיר גייט-צו אַ פּאָניע מיט אַ רויטער באָרד און אין אַ רויט פעלצעל, און שטרעקט מיר אויס אַ זילבערנע צוואַנציג-קאָפּיקענע.

—וואזמי, זעמליאַטשאָק, דוואוגריוועניק!—זאָגט ער צו מיר מיט אַ ווייכען פּאָטערליכען טאָן,—נאַ בולאָטשקו בודיעט...

אָרימער, פּאָטערליך-גוטמוטיגער פּאָניע!...

V

קורסק איז אָבער נאָך אַלץ נישט דאָס ענדע־ציל. מיר פאַרבלייבען דאָ נאָר אויף דערווייל, נאָר אויף עטליכע טעג.

אין עוואַקואַציע־שפּיטאָל איז אַ גאַנצער מישמאַש. דאָ זע־נען אפילו פאַראַן עסטרייכישע פאַרוואונדעטע אויך. יעדער איז נאָך אין זיינע זאַכען... און קיינער קאָן נאָך רוהיג נישט שטיין... איטליכער צוקט נאָך מיט די אַקסלען. דאָ איז גאַנץ טומעלדיג. מער עס קרעכצט און ווער עס זינגט. איינער אַן עסטרייכער אויף קוליעס אָנגעלענט, נאָר זעהר אַ פריילּיכער יונג, האָט גע־וויזען אַקראָבאַטישע שטיק, און האָט שטענדיג אַרום זיך אַ רע־דעל געהאַט. עס פלעגען אַהערקומען אויך זייטיגע באַזוכער פון שטאָט, פאַרשיידענע דאַמען־פּאַטראָנעסעס. עפּעס איינע אַ גרעפין מיט אַ מאָנאָקל פלעגט אַלע טאָג קומען צו גיין, און פלעגט באַזונדערס פריינדליך שמייכלען צו די פאַרוואונדעטע. אַמאָל פלעגט זי זיך אַנידערזעצען נעבען איינעמס אַ בעטעל און אַ געשפּרעך פאַרפירען.

מיט יעדען טאָג איז דאָ געוואָרען ענגער: פון די פּאָזי־ציעס פלעגען יעדען טאָג אָנקומען עשאַלאָנען פאַרוואונדעטע.

---

גרופּעסווייז זיצט מען און מען רעדט וועגען די וואונדען. איינער, וואָס זאָגט, אַז ער איז אַ „ידען“ אין די ענינים, גיט וועגען יעדערן אָפּ אַ מיינונג.

—וואָס זאָגסטו וועגען מיין פינגער? כ'וועל גיין אַהיים?—

פרעגט אַן עלטערער, זאַפּאַסנער, אונטעררוקענדיג זייך פּאַרזוי-קעלטע האַנט.

—דער צייגע-פינגער? יאָ, פריער פלעגט מען אַהיימלאָזען; איצט אָבער איז מען חושד, אַז ס'איז אייגענע „מלאכה"... ביי אַ סך זענען די פינגער שוואַרץ און פאַרבּרענט פון פולווער-רויך און פלאַם...

—און מיין האַנט?—ווייזט איינער אַ צובראָכענע האַנט, איינגעקלאַמערט אין שינעס—אָט דאָ איז דער ביין צובראָכען.

—אָט דאָס פאַרשטיי איך!—רופט-אויס דער „ידען"—אַזאַ האַנט מעג מען מקנא זיין: וועסט גיין זיכער אַהיים. דאָס ווייב וועט דיך אָבער אַרויסטרייבען. זי וועט נישט וועלען האָבען קיין אינוואַליד אין שטוב און זי זאָל פאַר דיר אַקערן... מיט איין האַנט וועסטו קאָנען נאָר קינדער וויגען...

—איך האָב קיין ווייב נישט און כ'האָב קיין ערד נישט-ענטפערט יענער.

—אויב אַזוי וועסטו פון דער מלוכה-פענסיע די ציין אויף די פּאָליצעס לייגען...

—און איך, און איך?—פרעגט אַ בערדיג יודעל.

—וואָס איז ביי דיר?

—מיר האָט געטראָפען אין זייט, אָט דאָ. איך קאָן זיך נישט אַ דריי-טון.

—אויך מיר אַ וואונד! בלאָטע...—זאָגט אים אָפּ דער „ידען".

—סטייטש,—בעט זיך דאָס יודעל,—ס'האָט מיר די לונגען אָנגעגריפען. איך שפּיי מיט בלוט...

—אויב דו שפּייסט מיט בלוט, האָסטו נאָך אַ שטיקעל מזל. וועסט אודאי האָבען אורלויב.

איין סאָלדאַט—אַ הויכער, אַ דיקער, ווי אַ דעמב, מיט אַ רויט פרישטשעוואַט פנים, רוקט-אונטער דאָס מינדסט פינגערעל אין מאַרלע פאַרוויקעלט.

—און איך וועל גיין אַהיים?—פרעגט ער.

דער עולם פלאַצט-אויס אין אַ געלעכטער.

—מיט איין האַנט,—זאָגט דער „ידען"—וואָלסטו אויך גע-

קאָנט איינוואַרפען אַ מויער...

און אַ צווייטער האַלט-אונטער:

—דאָס איז טאַקי אַ חולה-מסוכּן. מען דאַרף אים קאָרמע-נען מיט בוליאָן...

—און מיט אַ באַק קאַפּוסטע צאַלס קאָמפּאָס...—גיט ווער צו.

דער „ידען” אַליין איז פאַרוואונדעט אין אויבערשטען טייל פון דער האַנט.

—און דו וועסט גיין אַהיים?—פרעגט מען אים.

—כ׳וועל גיכער גיין אין דער „מאַרשערשאָוואַיאַ ראָטאַ”. חען ס׳וואָלט מיך געטראָפען אָט דאָ אין ברוסט, וואָלט איך זי-כער געוועזן אַ באַפרייטער...

אַ געלעכטער.

און אַזוי זיצט מען אָפּ גאַנצענע שעה׳ן און מען רעדט מיט בלישטשענדיגע אויגען וועגען די וואונדען, ווי פרויען וועגען קליידער...

אויפ׳ן פערטען טאָג—ווידער אין וועג אַריין.

—קיין וואָראָנעזש!

נואו וועט שוין זיין אַ ביסעל רוה?

ווידער אַ סאַניטאַר-צוג, און ווידער אַ גאַנצער מעת־לעת פאָרעניש. עס האָט שוין דערעסען דער מאָנאָטאָנער ריטם פון די צוג־רעדער: „טאַ—טאַ, טאַ—טאַ”...

אָוועטס, אין וואָראָנעזש ביים וואָקזאַל—אַ סיורפּריז: אויטאָמאָבילען!

—מאַכט מען עס נישט חוזק פון אונז?...

איך שטייג־אַריין אין אַן אויטאָמאָביל צוזאַמען מיט עפּעס אַ פיר פאַרוואונדעטע, פרימיטיווע פויערים.

די אויטאָמאָבילען לאָזען זיך אַוועק מיט אַ טייוולאָנישער שנעלקייט איבער די לאַנגע האַלב־ליידיגע אָוועט-גאַסען פון שטאָט. עס מאַכט-אָן אַ ווינט און די פויערים שטיקען זיך פון געלעכטער.

—העי פאַנטאָמאָביל!—עריינ איינער אין לאַכט.

—מיר וואָס זיך עס קיינמאָל גאָרנישט געחלומ׳ט,—זאָגט אַ צווייטער.

—ווני-מאַ-ני-ע, סמירנאָ!—שרייט אַ דריטער און בלאָזט זיך רחבות׳דיג.

—גאַספאדאַ אפיצערי!...—כאַפּט-אונטער דער פערטער.

און די אויטאָמאָבילען מיט די פאַרוואונדעטע פליען איינע נאָך די אַנדערע מיט אַ היץ און רווישעריי, און ענדליך שטעלען זיי זיך אָפּ ביי אַ העל-באַלויכטענער געביידע פון אַ הויפּט-גאַס: דאָ איז דער שפּיטאָל.

ביים אריינגאַנג שטייט אַ מאַסע מענשען, על פּי רוב פון דער לער-יוגענט: סטודענטישע בלויע היטלען, יונגע בליענדע גימנאַזיסטינס, באַלויכטענע פון אַ העלער ליכטיגקייט.

די סטודענטען העלפען געשיקט אַראָפּנעמען די פאַרוואונדעטע פון די אויטאָמאָבילען און אַריינפירען אינעווייניג אין שפּיטאָל.

ביי מיין אויסשטייגען לויפט-צו צו מיר אַ סטודענט און כאַפּט מיך אונטער׳ן האַנט.

—אַ דאַנק, אַ דאַנק!—זאָג איך געריהרט,—מיינע פיס זענען גאַנץ...

עס העלפט אָבער נישט: ער באַגלייט מיך אַזוי ביז אויף די טרעפּ אַרויף...

ווער ווייס: אפשר איז עס ביי אים אגב געווען אַ „זשעסט" פאַר עפּעס אַ בליענדע, מיט ליכט באַגאָסענע, יונג-מיידעל, וואָס איז דערנעבען געשטאַנען?...

## VI

איך ליג אין אַ ווייס, זויבער בעטעל און קוק מיט אָפענע אויגען צום סופיט. אַלץ איז זויבער און ריין—די ווענט, דער סופיט, די שכנ׳ישע בעטלעך און אפילו די פּאָדלאָגע גלאַנצט און שפּיגעלט זיך.

עס מישט און טומעלט אין קאָפּ. איך בין שוואַך ווי אַ קינד. עס איז מיר שווער מיט אַן אבר אַ ריר צו טון. פאַרקעל־טערט, צובראָכען פון דעם וואָגלעניש, עס פּיבערט מיך.

עס פלאָנטערן זיך די געדאַנקען און אומבאַמערקט שליסען זיך די אויגען צו. דאָס איז אָבער נישט קיין שלאָף, וואָס גיט רוה; מאָדנע קאָשמאַרען פאַנגען דאָס גאַנצע וועזען און פּלאָגען, און פּייניגען...

...אַ געדיכטער רויטער נעבעל שפּרייט זיך אַרום און אַרום און פאַרדעקט אַלץ אין זיינע פליגעל—באַרג און טאָל, לאָנקע און וואַלד... פאַרפאַלען איז געוואָרען די בלויקייט פונ׳ם הי־מעל—אַלץ רויט, בלוטיג-רויט... און דורכ׳ן נעבעל רייסען זיך פאַרשטיקטע קולות און פאַרצווייפעלטע קללות... עס האָבען זיך דונערן צעווילדעוועט און פאַרטויבען די קולות, און שטייגען איבער די פלוכען... און מענשען אין גרויע שינעלען—וואַנזיניגע, צומישטע—פליען-אום ווי בלוטדורשטיגע פאַנטערס, און פליקען איינע די אַנדערע, ווי געטריבען פון אַ שרעקליכען גרויזאַמען האַר פון נקמה... און עס שטיקט מיך דער געדיכטער רויטער נעבעל, כ׳קאָן נישט אָטעמען, און עס פאַרטויבען מיך די אומגע־לומפּערטע ווילדע קולות, און הענט מיט היה׳שע קראַלען שטרע־קען זיך צו מיר, צו מיין האַלז...

— — — — — — — — — — — —

—אָך, ווער ביסטו?...

איבער מיר איז געשטאַנען עטוואָס אָנגעבויגען עפּעס אַ ווייסער שאָטען פון אַ יונגפרוי. איינגאַנצען אין בלענדענדער ווייסקייט, ווי אַ מלאך. איר האַרץ האָט דורכגעשניטען אַ רויטער דיקער קרייץ. פון איר געזיכט האָבען גלייך אויף מיר אַראָפּגעקוקט צוויי בלויע אויגען. אויף מיין שטערן איז איר הענטעל געלעגען. עס האָט מאָדנע צאַרט געקילט.

—באַרוהיגט זיך—האָבען אירע ליפּען שטיל געמורמעלט.

—וואו בין איך?

דאָס הענטעל האָט נאָך מיין שטערן געגלעט:

—ווי הייס!

—וואָס איז מיט מיר, שוועסטער?

אירע אויגען האָבען מוטערליך געטרייסט.

—גאָרנישט, גאָרנישט, פאַרקעלטערט... היץ.

זי שטעקט מיר אַ טערמאָמעטער אונטער'ן אָרעם.

איך קוק זיך אַרום, ווי וועלענדיג זיך איבערציינגען, וואו איך געפין זיך דאָ.

כ'האָב די בעטלעך מיט די קראַנקע דערזען.

—אַך, ווי עס פייניגט מיך, שוועסטער! זעצט זיך אָט דאָ אויפ'ן ראַנד פונ'ם בעטעל.

זי טוט מיר געדולדיג צוליב.

שווער און קאָשמאַר-פול האָבען זיך געצויגען די ערשטע טעג אין שפּיטאָל. די נעכט זענען געווען אומזיניגע, משוגע'נע... אין קראַנקען דמיון האָט עלץ אַזוי בולט צוריק אויפגעלעבט... שליסען זיך קוים די ברעמען צו—אַזוי עפענט זיך דער גיהנום אויף...

איך מאַטער זיך ביינאַכט מיט געוואַלד די אויגען צו האַלטען אָפען.

עפּעס איינער בלאָנדזשעט-אום איבער דער פּאַלאַטע ווי אַ שאָטען.

—פאַרוואָס שלאָפסטו נישט?

ער שטעלט זיך אַ ווײַלע אָפּ און קוקט מיך אָן מיט משוגה׳דיגע אויגען.

—עס מאַכען מיך משוגע די חלומות.

אָ, ווען איך וואָלט שוין געקאָנט אַרומגיין! כ׳וואָלט אין די גאַסען געלאָפען! כ׳וואָלט זיך אין העל-באַלויכטענע זאַלען באַהאַלטען!... צווישען טאַנצענדיגע וואָלט איך זיך אײַנגעפלאָנטערט...

כ׳בין נאָך שוואַך. פאַר די אויגען שווינדעלט. דער שטערן איז נאָך הייס...

אַ גרויער פאַרנאַכט.

דורכ׳ן פענסטער זעט זיך אַ ווייסער דאַך און אַ שטיקעל פאַרכמאַרעטער הימעל. ס׳איז שוין ווינטער געוואָרען. נישט באַמערקט גוט דעם איבערגאַנג פון דער צײַט.

אויפ׳ן ראַנד פון מײַן בעטעל זיצט די באַרמהאַרציגע שוועסטער מיט אירע טרייסטענדיגע אויגען.

מיר איז שוין אַ סך, אַ סך גרינגער. זי פאַרזיכערט מיך, אַז די היץ איז שוין כמעט געפאַלען. בלויז איין ביסעלע געבליבען צוליב דער וואונד.

פון דער שכנ׳ישער פּאַלאַטקע דערטראָגט זיך עפּעס אַ גראָב זינגען.

„שומיעל, גאָריעל פּאָזשאַר מאָסקאָווסקי...״

—עס מאַכט מיך נערוועז, שוועסטער.

זי האָט אַ שמייכעל-געטון.

—דאָס זענען קולות פון פאָלק...

—ווי מגושמ׳דיג איז די קאַזאַרמע!

—דאָס רויע, דאָס ווילדע קאָן נישט זײַן סובטעל...

איך דערשפּיר אינסטינקטיוו איר פילבאַרע נשמה. און עס גלוסט זיך מיר ריידען מיט איר נישט וועגען קראַנקהייט און שפּיטאָל, נאָר אַנדערש, גאַנדערש, ווי מיט אַ פרײַנט, אַ נאָענטן פרײַנט.

—שוועסטער, איך האָב שוין לאַנג מיט קיין מענשען פון דער פריי, פון דער זייט, נישט גערעדט. דער שינעל האָט שוין חדשים-לאַנג אַ גרענעץ געמאַכט צווישען מיר און וועלט...
זי האָט מיך פאַרשטאַנען.
—הייסט עס—האָט זי געשמייכעלט,—אַז איך בין די ערשטע, וואָס איר באַגעגענט איצט אויף דער גרענעץ פון דער זייט...
—יאָ, שוועסטער, איר זענט די ערשטע...
איך קוק זי אָן. זי איז נאָך יונג. אַ מיידעל פון אַ יאָר צוויי און צוואַנציג. אַ פריש געזיכט, זאַפטיגע צאַרטע ליפען. נאָר די ווייסע „קאַסינקע" גיט איר צו דאָס אויסזען פון אַ מאַדאָנע.
—זענט איר שוין לאַנג שוועסטער?
—ניין, נישט לאַנג, איך בין אַ פרייוויליגע.
—האָט איר געדולד צו די קאַפריזען פון די קראַנקע?
זי דערציילט מיר, אַז אַ מאָדנעם געפיל פון ערפורכט האָט זי צו די, וואָס קומען פון טויט׳ס אָרעמס... „מיר דוכט, זאָגט זי, כ׳וואָלט צוויי לעבענס אָפּגעלעבט און אַזעלכע מינוטען נישט געהאַט"... און דערפאַר גיט זי אַוועק די פאַרוואונדעטע אָוונט נאָך אָוונט, כאָטש זי וואָלט דעמאָלט געקאָנט שפּאַצירען און זיך ערגעץ־וואו אַמוזירען...
—איר וועט מיר זאָגען דעם אמת, וועל איך אייך עפּעס פרעגען?—ווענדט זי זיך צו מיר.
—איך זאָג אייך צו, שוועסטער!
—וויפיל מענשליכע לעבענס,—פרעגט זי,—האָט איר אויף אייער געוויסען?...
עס האָט מיך איבערראַשט. כ׳האָב עס פון איר נישט ערוואַרט.
—קיין איין בלוט-פלעק, שוועסטער!—ענטפער איך מיט אַ באַטאָנונג—כ׳בין אפשר דערפאַר קיין „געאָרגי" נישט ווערט, נאָר דאָס אַרט מיך גראָד ווייניג... איין קרייץ האָב איך יאָ געקאָנט באַקומען אויפ׳ן פעלד...

—פאַרוואָס?—רייסט זי נייגעריג איבער.

—אַ קרייץ, אָבער אַ הילצערנער: איבער אַ ברודער-קבר... זי האָט אַ שוידער-געטון...

—איר ווייסט, שוועסטער,—רייד איך ווייטער,—איינמאָל אויף דער פּאָזיציע איז אויף מיר אַ הונט אָנגעפאַלען, אַ בייזער, אַ בלוטדורשטיגער, וואָס האָט זיך נאָר צו מיר געריסען מיט'ן אָפענעם מויל און שאַרפע ציין. איך האָב אים אָנגעשטעלט אַנט-קעגען דעם שטיק, נאָר ער איז אַלץ ווילדער און בייזער גע-וואָרען. „דערשיסען",—האָט מיר אַ בליץ-געטון אין מח. כ'האָב שנעל אַן עפען-געטון דעם „זאַטוואָר" (פאַררוקער), אַריינגעלייגט אַ פּאַטראָן און... דאָ האָט זיך מיר די האַנט אַראָפּגעלאָזט... ס'האָט מיר אין קאָפּ דורכגעבליצט: אַ שרעקליכע יאָמעריי... אַ שטראָם פון הייס קאָכעדיג בלוט... אַ נבלה פון אַ הונט מיט הפקר'דיג-צושפּרייטע פיסלעך אויף אַ פּוסטען פעלד...

—און איר האָט אים נישט דערשאָסען?

—ניין, שוועסטער, איך האָב אים נישט דערשאָסען. איך בין נישט געננג „טאַפּפער" געוועזן...

—נישט „טאַפּפער",—לאַכט זי,—און איך וואָלט אייך גראָד דערפאַר אַן אויסצייכנונג געגעבען...

—ראַד סטאַראַטסיאַ!...

—מיין גאָט!—פאַרברעכט זי די הענט,—וויפיל פּאַרפעקטע געוויסענס דאַרפען זיין!

—יאָ, יאָ—דערצייל איך ווייטער—געזען האָב איך אַ סך, אַ סך. פאַר מיינע אויגען האָט מען מענשליכע לעבענס אין איין מינוט איבערגעריסען... פאַר מיינע אויגען האָט איינער עפעס אַן אידיאָט מיט'ן גאַנצען אימפּעט דעם שטיק אין אַ טויטען קערפּער אַריינגעשטעקט... בר-ר־ר! האָבען די ביינער אַ טרע-שטשע געטון, אָבער רוהיג איז דער קערפּער געלעגען, ווי נאָר רוהיג עס קאָן זיין דער טויט... וואָס, איר שוידערט, שוועסטער?

—דערציילט, דערציילט,—בעט זי,—כאָטש ס'איז שרעקליך.

—אָט דער פאַל מיט'ן טויטען פאַרפאָלגט מיך עד-היום. עס דוכט זיך מיר, אַז דער טויט, דער אומבאַזיגבאַרער טויט

לאַכט מעפיסטאָפעלש און נעמט נקמה אָן ל ע ב ע ן...

—אַך, מיין גאָט!—כאַפּט זיך פלוצלונג די שוועסטער,—
איר טאָרט נישט ריידען וועגען דעם. עס רעגט אייך אויף.
שווייגט בעסער, שווייגט!

און איר צאַרט ווייס הענטעל האָט מיך ביים פולס גע-
נומען.

ס׳איז שוין אָווענט געוועןן. דאָס פענסטער איז שוין שוואַרץ
געוואָרען. אין דער שכנ׳ישער פּאַלאַטקע זענען שוין די געזאַנ-
גען פאַרשטומט.

—עס רוקט זיך שוין אָן אַ לאַנגע, אַ שלאָפלאָזע נאַכט...

אַ העלער ווינטער-טאָג האָט אַריינגעקוקט אין פענסטער.
אַנטקעגען איז דער שניי-דאַך געווען באַגאָסען מיט אַ ליכטיגקייט,
וואָס די קילע ווינטער-זון האָט פון ערגעץ-וואו געגאָסען.

איך פיל זיך מונטערער, קרעפטיגער. עס ווילט זיך מיר
פרובען גיין שפּאַצירען אין קאָרידאָר.

איך זיץ אויפ׳ן בעטעל און ניי-צו אַ קנעפּעל, וואָס האָט
געפעלט אין קאָלנער פון העמד.

עס קומט אַריין די שוועסטער.

—לאָזט מיך,—נעמט זי צו ביי מיר די נאָדעל-פאָדים,
זעצט זיך אויפ׳ן בעטעל און אירע צאַרטע הענטלעך נעמען זיך
פאָרען ביי מיין האַלז...

דערביי האָט זי מיר אַלע ווייל אין די אויגען פאַרקוקט,
ווי אַ גוטע, געטרייע מאַמע...

—איר ווייסט, שוועסטער,—קום איך אַריין אין אַ שפּאַסי-
גען פאַטאָס,—כ׳וואָלט געוואָלט, אַז איר זאָלט א י י ב י ג
מיר נייען דאָס דאָזיגע קנעפּעלע!...

זי האָט זיך מאָדנע צולאַכט. אַ פריי און ווילד געלעכטער,
וואָס קלינגט נאָר אין די ברייטע רוסישע סטעפּעס...

—איר מאַכט מיך פאַרגעסען פון מיין פליכט,—האָט זי האַלב
קאָקעטירט,—אַ באַרמהאַרציגע שוועסטער טאָר נישט לאַכען אַזוי...

—עס שאַדט נישט,—פאַרטיידיג איך זי,—איר זיצט נישט צעבען אַלטע חולאים, וואָס וואַרטען שוין אויפ'ן קבר... אדרבה, אייער לאַכען איז אַ סימבאָל פון ל ע ב ע ן, וואָס וואַרט נאָך אָפּ, אפשר, ווער ווייס, מיט אָפענע אָרעמס... איבריגענס...

—וואָס „איבריגענס"?

—אפשר איז פונקט פאַרקערט: נאָך אַ וואָך, נאָך אַ חודש— און ווידער: „טראַ-טאַ-טאַ-טאַ"...

—איר וועט זיכער באַקומען אורלויב,—טרייסט זי מיך.

איך באַמערק, אַז עס דויערט עפּעס צופיל דאָס נייען...

איך קוק זי שטום אָן. איר געזיכט האָט סעמיטישע שטריכען. זאָל זי זיין אַ יודין? איך וויל אָבער וועגען דעם נישט פרעגען און זוך דורך אַן אַנדער אויסוועג דאָס צו דערגיין.

—איר זענט אַ גלויביגע?—פרעג איך.

—ניין!—ענטפערט זי אַנטשלאָסען,—איך גיי נישט אין קירך און טראָג אפילו נישט קיין צלם אויפ'ן האַלז.

נישט קיין יודין, הייסט עס...

ענדליך איז שוין דאָס קנעפּעל צוגענייט און זי אַליין שפּילעט מיר צו דעם קאָלנער.

איך באַדאַנק איר מיט אַ קוש אין איר צאַרט הענטעל.

—איצט האָב איך די ערע אייך איינצולאַדען שפּאַצירען אַ ביסעל אין קאָרידאָר.

כ'טו-אָן דעם שפּיטאָל-כאַלאַט און זי באַגלייט מיך אַרויס. אין קאָרידאָר דרייען זיך שפּאַצירענדיגע. אַנדערע גייען אין דער באַגלייטונג פון באַרמהאַרציגע שוועסטער.

—אַן אמת'ע ליבעס-אַלייע...—באַמערקט זי.

—כ'האָב אייך פריער געזאָגט, אַז דאָ מעג מען לאַכען... פון גאַס האָבען זיך געטראָגען קלאַנגען פון אַן אָרקעסטער: דאָס שפּילט מען לכבוד אַ נצחון אויף די קאַרפּאַטען... אפנים, אַז „דאָרט" גייט עס נאָך אַלץ מיט'ן זעלבען טעמפּאָ...

כ'האָב אינסטינקטיוו אַ שוידער-געטון.

אַזוי זענען געקראָכן די לאַנגזאַמע שפּיטאָל-טעג מיט די פּאַמעליכע, מייסטענס שלאָפלאָזע נעכט. איין וואָך, אַ צווייטע, אַ דריטע. ווען נישט די ווייסע שוועסטער, וואָלט עס אַ תּפיסה געווען... ווען נאָר זי פלעגט האָבען אַ פרייע שעה, פלעגט זי צו מיר אַריינקומען, אויף מיין בעטעל זיך זעצען, און ס'פלעגט זיך קיינמאָל ביי אונז קיין רייד נישט אויסנעמען. ס'איז שוין ענליך געוואָרען אויף אַ לייכטע „אינטריגעלע"... איר שמייכעל צו מיר איז וואָס אַ טאָג אַלץ ליבער, אַלץ פריינטליכער געוואָרען. אַמאָל פלעגט זי צוגיין צו מיר מיט אַ קאָקעטיש-שטיפעריש מינעלע און מיך פאַר דער האַנט נעמען:

—גייען מיר אין דער „ליבעס-אַלייע"?...

איין טאָג קומט זי אַריין מיט אַן אומעטיגען שמייכעל און זאָגט:

—איר ווייסט, איר פאָרט היינט אַוועק.

—וואוהין? נאָך היינט?

—קיין סאַראַטאָוו.

—פאַרוואָס עפּעס?

—מ'האָט געבראַכט זעהר פיל פרישע פאַרוואונדעטע.

—עס ווילט זיך נישט פאָרען, שוועסטער...

עס האָט זיך מיר באמת נישט געגלוסט. פאָר און פאָר. מ'קאָן אַזוי אָנשפּאַרען אַזש קיין סיביר, צי גאָר הינטער די הרי חושך... און אַ חוץ דעם, אפשר אַ ביסעל צוליב דער ווייסער שוועסטער אויך...

באַלד טאַקע האָט מען די הכנות גענומען מאַכען. מ'האָט די צוגענומענע זאַכען אַרויסגעגעבען, און כ'בין שוין ווידער געווען אין מיין רויט-געפלעקטען שינעל...

די שוועסטער איז זיך געקומען געזעגענען מיט מיר.

—מיין גאָט, ס׳אַראַ רויטער שינעל ביי איין!—האָט זי די אױגנס פאַרבראָכען.

איך האָב איר פעסט און האַרציג דאָס ווייסע הענטעל גע־דריקט.

—קערט זיך אום צום ל ע ב ע ן!—ווינשט זי מיר.

—איר זייט די ע ר ש ט ע געווען, שוועסטער!... די ערשטע שוואַלב פון פרילינג...

אין קליינעם אויבער-טעשעל פון איר שוועסטער־שירץ האָ־בען עטליכע אימאָרטעלען געשטעקט.

—גיט מיר עס מיט, ווייסע שוועסטער!

כ׳האָב עס ווי אַ מין הייליגקייט צענומען...

# VII

איבער די ווינטערדיגע שנייאיגע גאַסען פון סאַראַטאָוו האָב איך זיך אומגעדרייט גאַנצע טעג. אין מח האָט ווי, מיט גלאָקען געקלונגען די פרייהייט, וואָס אַ פּאָר קאָמיסיע-דאָקטוירים האָבען פלעגמאַטיש אַרויסגערעדט און גלייכגילטיג פאַרנאָטירט...

איך וואָגעל איבער דער שטאָט מיט אַ מאָדנעם געפיל, ווי משונה׳דיג האָט אויסגעוויזען אַלץ, וואָס מיט מיר איז פאָרגעקומען. ווי אַזוי? ווי אַזוי האָט עס אַלץ געקאָנט געשען?...

כ׳האָב מיך געשפּירט ווי אַן אָפּגענאַרטער, ווי אַ באַליידיגטער... אַ פאַרביטערטען גייסט, אַ בייזען דעמאָן, וואָס האָט קיין רוה און קיין תּיקון נישט אין די תּהו-ובהו׳דיגע ספערען, האָט זיך פאַרגלוסט מיט מיר אַ שפּאַס צו מאַכען, אַ גרויזאַמען שפּאַס... געהאָגעלט מיט מעטאַל און—מיין שאַרבען נישט דורכגעלעכערט... געהאַלטען מיך אויפ׳ן ראַנד פון שוואַרצען פינסטערן תּהום און—נישט אַריינגעשטויסען... געפייניגט מיט הונגער, דורשט, מיט אַ ברענענדיגער זון אויף טיפע זאַמדיגע וועגען, מיט הערבסטיגע רעגענדיגע נעכט און נאַסע ווערים-פולע גריבער און—דאָס האַרץ און די לונגען זענען גאַנץ געבליבען... געפליקט און געצופּט דעם מאַרך מיט פאַר׳סמ׳טע געדאַנקען, מיט גרויל און פּחד, מיט צובלוטיגטע מענשליכע קערפּערס, מיט פאַרגליווערטע ברוין-בלויע געזיכטער און אויסגעקערטע פאַרלאָפענע אויגען און—פון זינען נישט אַראָפּגעפירט...

— — — — — — — — — — — —

אַן אָפּגענאַרטער. אַ באַליידיגטער האָב איך זיך אַרומגעדרייט איבער די ווייסע גאַסען פון דער וואָלגאַ-שטאָט... אַ

שפענדעל, וואָס מעכטיגע ים-כוואַליעס האָבען עס אומגעשליי-
דערט אַרויף און אַראָפּ, אַרויף און אַראָפּ, און איצט—צוריק
אויפ׳ן ברעג אויסגעשפּיגען— —

אויף די טראָטואַרען דרייען זיך מענשען, יונג און אַלט...
אויך פריער, ווען כ׳בי׳ן נאָך געווען „דאָרט״, האָבען זיך דאָ
מענשען אַזוי רוהיג באַוועגט... דיזעלבע דאַמען אין די עלעגאַנ-
טע טואַלעטען זענען זיך אויך אַזוי אומגעגאַנגען מיט דראָבנע
טריטעלעך און קאָקעטירענדיג געשמייכעלט, און קלינגעוודיג גע-
לאַכט...

איך גיי נאָך אין די קריגס-קליידער. דערזעלבער רויט-
פאַרפלעקטער שינעל... די האַנט היינגט נאָך אָן אַ מאַרלע-היינ-
גער אויפ׳ן האַלז. בליקען שטעלען זיך אָפּ אויף מיר. „אַ קרבן״...
קלערט אודאי איטליכער און בעת-מעשה טוט אים הנאה, וואָס
ער איז טרוקען און גאַנץ...

עפּעס אַ דאַמע מיט אַ קוישעל אין דער האַנט שטעלט
כ׳יך אָפּ און מיט אַ מאָדנעם רחמנות-טאָן לייגט זי מיר פּאָר אַ
„פּיראָג״, וואָס זי ציט-אַרויס פונ׳ם קוישעל...

אין אַ פּאָר טעג אַרום וועל איך שוין זיין אין ציוויל-
קליידער און קיינער וועט מיך שוין נישט באַמערקען. איך וועל
גלייך ווי אַלע גיין אויף די טראָטואַרען און אויך אַזוי פאַרביי-
גיין אַ פאַרוואונדעטען, וואָס וועט מיר אַנטקעגענקומען מיט אַ
מאַרלע-בינט... „גלייך ווי אַלע״—ניין, ניין, אַ טעות. אַ גאַנצער
תהום וועט זיך עפענען!— —

עס מאַרשירען-פאַרביי רעקרוטען: יונגע, פרישע, געזונטע
פּנימ׳ער, בראַווע טריט, שטאָלצע שטיכ׳ען. אַלע נאָך אין ציוויל-
קליידער. איינער אַ סטודענט טראָגט נאָך אַ בלוי היטעל און
קאַמאַשען. זיי מאַרשירען און זינגען מיט אַ מין התמדה.

—שפּילט אייך, שפּילט אייך, קינדערלעך, עס וואַרט אויף
אייך אַ גוטע זאַך...

איך זיץ אין אַ גרעסערן טו אַקטיר ביי אַ טיי-טישעל.

אַ פולער עולם. יעדער טישעל איז אַרומגערינגעלט פון טיי-טרינקער. לאַנג-האָריגע, בערדיגע פּאָניעס מיט פולע יאָדער-דיגע ווייבער און קינדער. אויף יעדען טישעל שטייען צוויי ווייסע פּאָרצעלאַיענע טשייניקעס, איינס אויפ׳ן אַנדערן, אַ קליי-נער אויף אַ גרויסען, און ס׳זעט אויס, ווי אַן אומגעלומפּערטער מאַנעקען מיט אַ גרויסען אָנגעבלאָזענעם בויך און אַ לעכערליך-קליין קעפּעל...

דער עולם שנויעסט, היצט זיך און זופּט דעם „טשאַיאָק" פון די שעלכלעך און פון שטערן קאַפּען טראָפּענס שווייס גלייך אין שעלכעל אַראָפּ...

מ׳רעדט וועגען דער מלחמה און וועגען „צאַר באַטיושקאַ", וואָס איז דורכגעפאָרען דורך דער שטאָט.

נעבען איין טישעל זיצט אַ גאָראָדאָוואָי.

—צו וואָס האָט איר עס באַדאַרפט אַזאַ שחיטה?—ווענדט זיך צו אים אַ פּאָניע, גלייך ווי דער גאָראָדאָוואָי וואָלט געהאַט אַ שייכות צו דעם מלחמה-אויסברוך...

דער גאָראָדאָוואָי פאַרענטפערט זיך טאַקי ווי אַ שולדיגער:

—מיר וועלען דען לאָזען די שוואַבען געוועלטיגען איבער אונז?...

—איר וועט אונזער „מאַטושקאַ ראָסיאַ" אומברייינגען!—קומט-אַריין דער פּאָניע אין אַ העכערן טאָן,—אָט זעה, וואָס איר האָט אויפגעטון!—גיט ער פלוצלונג אַ ווייז אויף מיר,—זעה, וויפיל מענשען וועט איר אַזוי צו׳שחט׳ן און מאַכען פאַר קאַ-ליקעס.

עס ווערט מיר אומבאַקוועם, וואָס ער האָט אויך מיך אריינגעצויגען אין מיטען...

דער גאָראָדאָוואָי שטעלט זיך אויף פון אָרט, טוט-אָן דאָס היטעל, טוט זיך אַ טאַפּ פאַר דער שווערד און רעדט מיט אַן ערנסטען טאָן פון אַן אָרדנונגס-היטער:

—איוואַן איוואַנאָוויטש! האָסט פאַרגעסען, אַז דו ביסט אין צַן „אָבשטשעסטווענעם" אָרט און דו שטערסט די אָרדנונג!

דער פּאָניע קומט-אַריין אין צאָרן:

—וועסט מיך אפשר אַרעסטירען, כאַבּאַרניק דו?...

עס ווערט אַ סקאַנדאַל. דער גאָראָדאָוואָי פייפט. דעם פּאָ-ניע'ס ווייב פאַרענטפערט דעם מאַן און שרייט:

—ער איז שכור! ער איז שכור!

איך פאַרלאָז דאָס טומעלדיגע אָרט.

איך לאָז מיך אַראָפּ צו דער וואָלגאַ. עס דערמאָנט זיך מיר דער ניעמאַן מיט זיינע גרין-פאַרוואַקסענע אידיליש-שטילע הויכע ברעגעס, וואוהין אַ צוג וועט מיך אין עטליכע טעג אַרום אַוועקטראָגען... עך ווייטע, אָרימע ליטאַ!

איך שטיי און קוק.

ווי אַ פאַרשלאָפענער ריז ליגט דער טייך אין זיין ברייטען-ברייטען און טיפען בעט. וואָס חלומ'ט אים, דעם רוסישען גרויסען ריז אין זיין ווינטער-שלאָף? פלאָנטערן זיך אין זיין חלום די סטענקאַ ראַזינ'ס, די יערמאַק'ס?... אָדער טרוימט ער פון אַ פרילינג, ווען ער וועט זיך פון די ברעגעס אַרויסרייסען, און ווי אַ געפאַנגענער די אָרעמס צושפּרייטען?— —

—ווער ווייס?...

אין מח קלינגט-אָפּ אַ ליד:

„וואָלגאַ, וואָלגאַ, מאַט' ראָדנאַיאַ"...

ס'איז מיר פרעמד דאָס ליד, דאָך נאָנט... פון די ווייטע רוסישע צפון-שטעט האָט עס צו אונזער געטאָ דערגרייכט און פאַרקלונגען...

„וואָלגאַ, וואָלגאַ..."

— — — — — — — — — — — —

פון ערגיץ קלינגען קירכען-גלאָקען.

גלון-גלאָן! גלין-גלאָן!

צי איז עס אַ יובעל פון אַ פרישען בלוט-נצחון? אָדער—

באַהאַלט זיך דערין עפּעס אַנדערש, אַנדערש, וואָס דאַרף נאָך גע-בוירען ווערען?...

די וואָלגאַ ליגט אין איר ווינטער-שלאָף און פאַרנעמט שטום דעם ווייטען גלין-גלאָן...

עס גייען-פאַרביי צוויי סטודענטען און שטעלען זיך אָפּ נישט ווייט פון מיר.

איך באַמערק, ווי איינער טוט אַ ווייז אויף מיין שינעל און איך הער:

—זעסט דאָס רויטע? דאָס איז אַ האָפנונג... אַ רויטע האָפנונג... צוסימאַ האָט דעם גולם אויפגעוועקט. ער איז נאָך אָבער בלינד געווען. און אָט דאָס רויטע—ער האָט ווידער אַ ווייז-געטון אויף מיין שינעל—וועט זיין פאַקעל זיין, וואָס וועט די בלינדע הייטלעך פון זיינע אויגען דורכרייסען...

—אַ רויטער פאַקעל!—האָט דער צווייטער מיט אויפגע-שטראַלטע אויגען אויסגערופען.

און ביידע פילען נישט בעת-מעשה, אַז איך פאַרשטיי זייער נביאות און אַז אויך מיין האַרץ האָט טיף אַ צאַפּעל-געטון ..

דאָס נביאות, וואָס איז טאַקע לכוף מקוים-געוואָרען— —

— — — — — — — — — — — —